# פרייהייט.

## רעוואלוציאנערע לידער און שירים



ארויסגעגעבן פון
אויסלענדישען קאָמיטעט פון „בונד"



הויפט פערקויף פיר אמעריקא
**M. GUREWITCH**
**202 EAST BROADWAY, NEW YORK**

ם. ווינטשעווסקי.

# די מארסעליעזע.

שטעהט אויף איהר, אונטערדריקטע מאסען
און מאכט פון שקלאפעריי א'ן ענד!
לאזט ניט מעהר קיין ליידיגגעהער פרעסען
די פרוכט פון אויסגעוועהלטע הענד! (ביס)
הערט איהר ניט ווי עס רוישען שוין די וואפען
געגען אונזערע ברידער אויפ'ן גאס?
זעהט איהר דען ניט, ווי זיי ווערען בלאס
פאר וואוטה די בלוטזויגער און פפאפען?
שטעהט אויף איהר ארבייטסלייט!
ערהויבט זיך מאן פיר מאן,
מארשירט מיט אונז אין איינינקייט
צום קאמפף מיט דעם טיראן.

וואס האט איהר ברידער צו פערליערען,
וואס טויג א לעבען אייך אן ברויט?
ווילט איהר דען אייביג ווינטער פריערען
און אייביג זומער ליידען נויט?
האט איהר ווירקליך מורא פאר הארמאטען
פאר א ביקס, שפיעז אדער א שווערד?
געהט איהר דען ניט פאר דער צייט אין דר'ערד
טויזענדוויז, ווען אויך ניט דורך סאלדאטען?
שטעהט אויף איהר ארבייטסלייט
ערהויבט זיך מאן פיר מאן,
מארשירט מיט אונז אין איינינקייט
צום קאמפף מיט דעם טיראן.

צום קאַמפּף מיט דעם טיראַן!
זאָגט, אַרבייטער, איזראַעליטען,
אויף וועלכע גאולה וואַרט איהר היינט?
דער גואל פון די פּאַראַזיטען
קען אייער גואל ניט זיין, פריינט!
איהר וואָלט אפילו אין ירושלים
בלייבען שקלאַפען ביי דעם מאַן פון געלט;
נון, וואָהלאַן, דען! ווייזט דער גאַצער וועלט,
אַז איהר שטאַמט אָב פון די חשמונאים.
שטעהט אויף, איהר ארבייטס-לייט!
ערהויבט זיך מאַן פאר מאַן!
מאַרשירט מיט אונז אין אייניגקייט
צום קאַמפּף מיט דעם טיראַן!

1889

---

# דאָס ליעד פון׳ם העמד.

## (טהאָמאַס הוד׳ס)

פריי איבערזעצט אוים דעם ענגלישען.

מיט מאָגערע פינגער, דאַר און אויסגעדרעהט,
מיט אויגען, וואָס זיינען פון אַרבייט שוין בלינד —
א ווייבעלע זיצט זיך, אין לומפּען געקליידט,
און וואַרפט מיט׳ן נאָדעל און פאָדים געשווינד.
שטעך — שטעך—שטעך — שטעך!
אין הונגער, אין דלות, פאַר אַלעמען פרעמד,
און דאָך מיט א ריהרענדער שטים אין דער הויך
זינגט זי זיך דאָס ליעד פונ׳ם העמד:

* * *

„איך נעה — נעה — נעה!
נאָך איידער דאָס קרייען פון האָן איז צו הערען!
און נעה! אָבער נעה — וויעדער נעה!
ביז איך זעה דורך די לעכער אין דאַך שוין
די שטערן.

מיר דאכט זיך, עס קען ניט זיין ערגער א קענכט,
וואָס ארבייט אַלס שקלאַווע ביי היידען, ביים טערק;
מיר דאַכט זיך עס קען איהם ניט זיין אזוי שלעכט,
ווי מיר איז ביי דיזען אונמענשליכען ווערק!

"נעה! פראצעווע — האָרעָווע — נעה!
ביז איך קען מיין קאָפּ ניט דערלאנגען א דרעה!
און נעה! נעה! אָבער נעה! — ווייעדער נעה!

ביז מיינע געשוואָלענע אויגען טהוען וועה.
די מערלע, דער זוים און די באַנד,
די באַנד און די מערלע דער זוים
איך פאַל אויפ'ן נאָז מיט די קנעפּלעך אין האַנד,
און נעה זיי, עס דאַכט זיך מיר, אָן אין אַ טרוים.
"אָה, מענשען! אויב איהר האָט אַ שוועסטער, א ווייב,
א מוטער, ווען אייך האָט דאָס שיקזאַל געגעבען,
זייט וויסען, איהר טראָגט ניט אוים וועש אויפ'ן לייב —
איהר טראָגט אויף זיך מענשליכע לעבען!

שטעך — שטעך — שטעך!
אין הונגער אין שמוץ, פאַר די גאַנצע וועלט פרעמד,
נעה איך מיט אַ דאָפּעלטען פאָדים; פיר זיך
תכריכים — פאר אַנדערע מענשען אַ העמד.

"נאָר ווי איז דער טויט אויף מיין רעיון ארויף?
דעם מלאך המות'ס געשטאַלט — אַ סקעלעט, —
ווי קען עס מיך שרעקען, ווען מיין אייגענער גוף
איז זעלבסט נאָר אַ ביינערגעשטאַלט, ווי איהר זעהט?
נאָר ביינער אַ הויפען, געענוי ווי דער ט ו י ט:
איך פאַסט אַזוי אָפּט, און בין ניט אויסגערוהט.
אָה, הימעל! עס זאָל אזוי טייער זיין ב ר ו י ט,
עס זאָל אזוי וואָלוועל זיין פלייש און בלוט!

"נעה! פראַצעווע, האָרעווע, — נעה!
צום ארבייטען בין איך קיין מאָל ניט צו שוואַך,
און וואָס איז דער דער לויהן פאַר מיינע פראַצע? פון שטרוי
אַ בעט, אַ שטיק טרוקענע ברויט, דער צובראָכענער דאַך,
אַ קאָדער ביים לייב, דיזער טיש מיט׳ן שטול,
פיער ווענט, וועלכע זיינען אזוי פוסט און בלאַנק,
אז ווען זיי מאַכט עפּעס נאָך צייטענווייז פול —
דערפאַר קומט מיין אייגענעם שאָטען אַ דאַנק!
איך נעה! — אָבער נעה — ווידער נעה!
פון מאָרגען ביז שפּעט אין די פינסטערע נאַכט;

נעה, פראַצעווע, האָרעווע — נעה!
פונקט ווי אַ פערברעכער אין טורמע פערמאַכט:
די באַנד און די מערלע — דער זוים,
די מערלע, דער זוים און די באַנד!
ביז איך פיהל מיין קאָפּ אויף די שולטערן קוים,
מיין מוח פערהווירט, און שוואַך מיינע הענד.

"נעה! פראַצעווע, האָרעווע — נעה!
ביים פינסטערן ליכט פון׳ם דעצעמבער טומאַן;
און נעה! אָבער נעה — ווידער נעה!

אים ליעבליכסטען מאַי וואָס איז ערגעץ פאַראַן.
ווען אונטער׳ן דאַך אין איהר נעסט זיצט די שוואַלב,
און ווייזט מיר פון ווייטען די ליכטיגע זון, —
זי ווייזט מיר דען פריהלינג און פרעגט מיך וועסהאַלב
איך זעה דאָס אַלץ צו און געניס ניט דערפון.

„אַה, איינמאָל נאָך שעפען וואָלט איך פרייע לופט,
וואו ראָזען און ליליען — ליעבליך און זיס —
געפינען זיך דאָרט, וואו די פייגעלע רופט!
דעם הימעל פון אויבען — גראָז אונטער די פיס....

נור איין קורצע שעה דאַרטען זיין פאַר'ן טויט,
צו שלינגען די לופט, וואו א ווינטעלע בלאָזט:
ווי דאַן — ווען מיר וואַר אונבעקאַנט נאָך די נויט,
איידער מיר אַ שפּאַציער האָט אַ מיטאָג געקאָסט.

"אָה איין קורצע ווײַלינקע בעט איך נור היינט,
אויף איין קורצע שטונדע צו ווערען בעפרייט —
ניט האָפנונג צו זוכען, ניט ליעבע פון פריינט,
מיין האַרץ אויסצואוויינען פערלאַנג איך נור צייט.
אַ ביסעלע וויינען, נור עטליכע טרערען
זואָלט גרינגער געמאַכט מיין צובראָכענעס הערץ.
איך טאָר אָבער נאָדעל און פאָדים ניט שטערען
דורך וויינען — אַפילו צו שטילען מיין שמערץ".
מיט מאָגערע פינגער, כמעט אויסגעדרעהט,
מיט אויגען, וואָס זיינען פון ארבייט שוין בלינד,
א ווייבעלע זיצט זיך, אין קאָדערס געקליידט
און ווארפט מיט'ן נאָדעל און פאָדים געשווינד.
שטעך— שטעך — שטעך!
אין הונגער און דלות, פאַר אַלעמען פרעמד,
און דאָך מיט אַ ריהרענדע שטימע אין דער הויך
זינגט זי זיך ד י ז ע ס ל י ע ד פ ו נ 'ם ה ע מ ד.
1884

## אַן עהרליכע בעטריגערין.

זי נאַרט אָב מיט מילכזופּ איהר מאַגען,
די פּיס — מיט צוריסענע שיך;
דאָך וועט זי אַ ליגען ניט זאָגען;
די אָרעמע נאַרט מעהר ניט זיך.
* * *

— זי נאַרט אָב איהר גוף מיט אַ טראַנטע, —
איהר לייב מיינט, אַז דאָס איז אַ קלייד;

זי נאַרט אָב איהר פריינד און פערזואַנדטע
מיט כלומ׳רשט צופריעדענע רייד.

* * *

זי רעדט דערנאָך זעלטען און ווענינ,
און קיינער בעגרייפט ניט — חוץ מיר,—
אַז טיעף אין איהר ברוסט, אינוועניג,
וואַקסט לאַנגזאַם אַ גרויסער געשוויר.

* * *

מי מיינט, אַז זי האָט ניט קיין שכל;
מי מיינט, אַז עס פעהלט איהר געפיהל;
מי זעהט ניט איהר ביטערען שמייכעל,
וואָס רעדט ניט און זאָגט אַזוי פיעל.

1884

## צום „ארבייטער פריינד“.

איך הער דיינע שטימע, די שטימע דער וואַהרהייט,
דעם קול פון דעם ווירקליכען ארבייטער־פריינד,
איך הער דיך פון ווייטען איך הער דיך מיט קלאָרהייט,
מיט הערצליכער פריידע בעגריס איך דיך היינט.

איך בעט דיך, קלער אויף מיינע אָרימע ברידער,
וואָס ארבייטען שווער אין די היינטיגע וועלט,
וואָס אָפּפערען אויף זייער מאַרך פון די גליעדער
און אָפּפערען אויף דעם מזבח פון געלט;
וואָס זעגען און הובלען און שניצען טאָג-טעגליך,
וואָס ציהען די דראַטווע און קנעטען די לוים,
און לעבען פון דעסטוועגען אָרים און קלעגליך,
און האָבען קיין הויז ניט און האָבען קיין היים;

וואָס טרייבען די רעדער פון אַלע מאַשינען,
וואָס אַקערן, זייען און באַקען די ברויט,

און קענען פון דעסטוועגען ברויט ניט געפינען,
ווען סלעק אָדער קראנקהייט זיי שטירצט אין אַ נויט:

וואָס נעהען און טראָגען אַליין ניט די קליידער,
וואָס בויען פאַר אַנדערע הייזער מיט מיה,
און וואָהנען אַליין אין אַ פינסטערען חדר
צוזאַמענגעשטאָפּט, ווי אין שטאַלען די פיה;

וואָס האָרעווען נור, אום צו מאַכען די גביר׳ען
אַלץ רייכער דורך דעם, וואָס דעם אָרימען פעהלט,
און לאָזען זיך קירעווען, טרייבען און פיהרען,
ווי אָקסען אין סאָכע, ווי אָקסען אין פעלד:

ערקלער זיי, איך בעט דיך, אַז זיי קענען מאַכען
אַ סוף פון די הערשאַפט פון קאַפּיטאַליסט,
און קוק ניט דארויף, טאָמער וועט פון דיר לאַכען
דער שקלאַף, וואָס פערלײמדעט דעם סאָציאַליסט, —

ווי איינעם וואָס וואַנדעלט אין עולם־התוהו
און איז נור מקנא די, וואָס זיי איז גוט,
וואָס וויל פון אַלץ מאַכען אַ תוהו־ובהו,
און וויל זיך נור באָדען אין מענשליכע בלוט.

דו האָסט אויף אַזוינעם, מיין פריינד, ניט צו קוקען:
אַזעלכער בלייבט אייביג אַ׳ין איינבילדונגס־קנעכט,
אַזעלכער טראָגט אייביג אַ לאַסט אויפ׳ן רוקען
און מיינט, אַז עס קען ניט זיין אַנדערס ווי שלעכט;

דו קוק ניט אויף קיינעם און פרעדיג די לעהרע
פון פרייהייט און גלייכהייט און ברידערליכקייט:
און זאָג זיי, אַז ארבייטען וועט זיין אַ׳ן עהרע
און לײדיג ארומגעהן אַ שאַנד מיט דער צייט.

חאַלט הויך און האַלט ריין דיין פּרינציפּ און דיין פֿאָהנע,
האַלטביידע זיי הויך און שריי: „ברידער ערוואַכט!“
פערקינדיג דעם אויפגאַנג דער ליכטיגען זאָנע
און ווייז זיי דעם סוף פון די פינסטערע נאַכט.

* * *

איך הער דיינע שטימע, די שטימע דער וואַרהייט,
דעם קול פון דעם אמת'ן ארבייטער פריינד,
איך הער דיך פון ווייטען און הער דיך מיט קלאָהרהייט.
מיט הערצליכער פריידע בעגריס איך דיך היינט.

1886

## עס ריהרט זיך!

הערט איהר, קינדער, ווי עס ריהרט זיך,
ווי עס ריהרט זיך איבעראַל?
ווי דער ארבייטסמאַן מוסטירט זיך
צו דעם קאַמפּף מיט קאַפּיטאַל, —
צו דעם טויט־קאַמפּף מיט'ן שינדער,
דעם האַבון, דעם געלד־טיראַן?
הערט איהר, ווי ער ריהרט זיך, קינדער,
דער בעטריבטער ארבייטסמאַן?

הערט איהר, קינדער, ווי עס ריהרט זיך,
מערקט איהר, אַז דער סוף קומט אָן?
פאָרווערטס, קינדער, עס מאַרשירט זיך
לוסטיג ביי דער רויטער פאָהן!
פרייהייט איז דער הערצער־צינדער,
אָהן טרומייט און באַראַבאַן,
זיינע ברידער, זעהט איהר, קינדער,
נעהט בעפריי'ן דער ארבייטסמאַן!

זעהט איהר, קינדער, ווי עס וואַרפט זיך,
ציטערנדיג די גאָלדען־קאַלב?

דען זי הערט שוין, ווי עס שאַרפט זיך
אונזער חלף איהרענטהאַלב ?
איהר די קאַלב, די געצען-רינדער
און די טומאה פון כנען
וויל ער איצטער, ליעבע קינדער,
אויסראָטען — דער ארבייטסמאַן !

דען ער בוקט זיך ניט פאר געצען,
קניעט פאַר אָבגעטער ניט מעהר,
וויל זיך מעהר ניט לאָזען העצען,
צו געברויכען זיין געוועהר
פאַר דעם געץ פון זיינע שינדער
געגען יעדען פרייהייטס־מאַן ;
אָ, ער קומט צום שכל, קינדער,
איבעראל דער ארבייטסמאַן !

איבעראל פוןביידע זייטען
פון אַטלאַנטיק ריהרט ער זיך !
ער וויל מעהר ניט לאָזען רייטען
זיינע בלוטזויגער אויף זיך,
ער וויל מעהר ניט, ווי אַ בלינדער
פערד, ביי זיי געהן אין שפּאַן,
ער וויל פריי זיין, ליעבע קינדער,
זיין זאָט וויל דער ארבייטסמאַן !

קינדער, לאַנג גענוג געגאָסען
האָט דער רייכער אַלעס גוטס,
בלוט גענוג האָט ער פערגאָסען, —
אייער בלוט צוליעב זיין גוטץ.
קינדער, מאַרש ! צום קאַמפף געשווינדער !
טראָגט די רויטע פאָהן פאָראַן,

זאיהר זייט זיינע ברידער, קינדער,
און ער רופט, דער ארבייטסמאַן.

זעהט איהר, קינדער, ער וויל מאַכען
פון די שקלאַפעריי איין ענד,
וויל געניסען אַל די זאַכען,
וואָס עס מאַכען זיינע הענד.
קינדער, ער איז אַ'ן ערפינדער,
ער האָט אויסגעטראַכט אַ פּלאַן,
ווי צו לעבען גליקליך, קינדער,
ער — דער פּראָסטער אַרבייטסמאַן.

1886

## די רויטע פאָהן.

אונזער פאָהן איז רויט, ליעבע ברידער,
ווייל מיר ווילען, אַז קיינער זאָל מעהר ניט זיין בלאָס;
אַז די פארבע פון נויט, ליעבע ברידער,
זאָל ניט טראָגען דעם פּנים פון'ם אַרבייטער קלאָס.

אונזער פאָהן איז רויט, ליעבע ברידער,
ווייל מען האָט איהר בעפאַרבען מיט ארבייטער־בלוט
אין די צייטען פון נויט, ליעבע ברידער,
אין די צייטען פון רויב און פון מאָרד און פון וואוטה.

* * *

אונזער פאָהנע איז רויט, ליעבע ברידער,
ווייל מיר ווילען דעם פּורפּור, וואָס האָט אַזוי לאַנג
די טיראַנען געקלייט, ליעבע ברידער,
איבערגעבען דעם פאָלק מיט אַ יובעלגעזאַנג.

1889

# דער פרייהייטס-גייסט.

אין די גאַסען, צו די מאַסען
פון בעדריקטע פעלקער־ראַסען,
רופט דער פרייהייטס־גייסט:
„איך ברינג וואַפען — פאר דעם שלאַפען,
איך בעפריי די אַרבייטס-שקלאַפען
און איך מאַך זיי דרייסט.

„ליכט פערשפרייטען — רעכט פערברייטען,
קום איך און צוברעך די קייטען
פון די טיראַניי;
די נאַציאָנען — פון קאַנאָנען,
פון אַרמעען און פון שפּיאָנען
קום איך מאַכען פריי.

איך קום לעהרען — אַרבייט עהרען,
עהרען, אַכטען און בעגעהרען
אַרבייט מיט אַ טאָלק;
גליק און פריעדען, — אונגעשיעדען
צווישען היידען, קריסטען, אידען,
צווישען פאָלק און פאָלק.

„פרייד און שטרעבען — קום איך געבען,
לעבענסלוסט און לוסט אין לעבען
אַלעמען צו גלייך;
מענשענקינדער — זאָל ווי רינדער
ניט מעהר אומברייגגען אַ גרינדער
פון אַ מערדער־רייך.

„איך קום פרויען — אַנפערטרויען
יעדעס רעכט צו העלפען בויען

גלייכהייטס גרויסען טהראָן;
גיב זיי רעכטע — און די עכטע,
ברידערליכע און גערעכטע
אָרגאַניזאַציאָן.

„איך קום מעלדען — יענע העלדען,
וועלכע שמאַכטען אין די קעלטען
פון סיביר אַצונד,
אַז צוטראָגען — ועט אַסטראָגען
באַלד מיין שטורם, — באַלד וועט שלאָגען
די בעפרייאונגס שטונד".

1890

# ניט אַהין און ניט אַהער.

(די מעלאָדיע פון: „יאַ סטאַר, יאַ דריאַכל, יאַ איסטאָמילסיא!")

זי איז אַ'ן אלמנה, אַ יונגע אלמנה,
און מאַטערט זיך שווער אויף איהר שטיקעלע ברויט;
זי ארבייט ביין ליכט פון די זון, די לבנה
און לייט אַכט חדשים אין יאָהר ניט קיין נויט.
זי ווערט פאַר דער צייט, דאַכט זיך ביסלעכוויז גרוי,
דאָך זעהט זי צופריעדען אויס, איז אַזוי שטיל!
וואָס האָט פון איהר ארבייט די אָרימע פרוי?
צום לעבען צו ווענינ, צום שטאַרבען צו פיעל.

זעקס שילינג אַ וואָך איז אַ קנאַפּע הכנסה,
זעקס שילינג אַ וואָך אַכט חדשים אין יאָהר,
איהר ארבייט איז אויך ניט קיין לייכטע פרנסה,
קיין וואונדער ניט, וואָס עס ווערט גרוי איהרע האָאַר,
זי עסט און דערעסט ניט, און עסט ניט אין צייט
און זעהט אימער אויס האַלב פערהונגערט און מאַטט:

זי בלייבט ווי די אַנדערע אָרימע לייט,
צום לעבען צו הונגריג, צום שטאַרבען צו זאַט.

אַמאָל איז זי וואונדערבאַר ליעבליך געוועזען,
מי האָט איהר גערופען אַ שיינהייט זאָגאַר,
מי האָט פון איהר געמאַכט זעהר פיל וועזען,
היינט איז זי די אָרימע געלבליך און דאַר.
די אויגען פערזונקען, די ליפען מאַט־בלוי,
איהר ברוסט איז איצט פלאַך, די פיגור קרום און קליין,
אַ בלום אַ פערוועלקטע איז איצט דיזע פרוי —
צו לעבען צו העסליך, צו שטאַרבען צו שיין.

פערוועלקט און אין גאַנצען איז זי אַ יאָהר דרייסיג!
איהר צוקונפט איז שוואַרץ, איהר פערגאַנגענהייט לער,
זי האָרעוועט דעננאָך צופריעדען און פלייסיג,
און טרוימט אָפט ביי נאַכט פון איהר נאָדעל און שער!
איהר לעבען איז טרויעריג, צוועקלאָז און פוסט,
און ווען אויך זי לאַכט ליגט דער טויט אויף איהר צונג,
זי ווירקט אָהנע האָפנונג, זי ארבייט אָהן לוסט —
צום לעבען צו אַלט און צום שטאַרבען צו יונג.

דער טויט, אַך, דער טויט קומט אַלין נעהנטער טאָג טעגליך,
זי זעהט אין חלום און אָפט אויף'ן וואַהר,
די פרעהליכסטע ליעדער זיי קלינגען איהר קלעגליך,
איהר שיינען די זינגערס קברנים אין כאָר;
לאַנג לעבט זי ניט מעהר, ווען זי וואָלט אויך געוואָלט,
דערצו אָבער האָט זי ניט מעהר קיין פערלאַנג:
וואָס איז מיר, זאָגט, זי נאָך אַ יאָהר אין דער וועלט?
צום לעבען צו קורץ און צום שטאַרבען צו לאַנג.

1890

## אַ טרויסט-געזאַנג.

הערצער צובראָכענע,
קראַנקע, צושטאָכענע,
אַרבייטער־אידעלעך,
צוויי נייע ליעדעלעך,
זינג איך אייך היינט:
אייער אונענדליכע,
אָפט אונפערשטענדליכע,
ליידען צו מילדערען
וויל איך איצט שילדערן
גוטעס אייך, פריינט.

1

טרוימט ניט פערצאָגטערהייט,
מוחות פערשלומערטע,
זיפצט ניט פערקלאָגטערהייט,
הערצער פערקומערטע,
וויינט ניט און קלאָגט:
ברידער די נאַכט גייט אויס!
אויס איז די זאָרגענשטונד,
די בייזע מאַכט גייט אויס, —
אָט שלאָגט די מאָרגענשטונד,
ברידער, עס טאָגט!

לוסטליעדער זינגענדיג,
קומט אָן די נייע צייט.
זינגענדיג, ברייגענדיג
גוטס, קומט די פרייע צייט,
„זייט, זאָגט זי, פריי!
מעננער געצוואונגענע,

לאָזט זיך ניט צווינגען מעהר
פרויען פערדונגענע,
לאָזט זיך ניט דינגען מעהר:
אוים שקלאַפעריי!"

אַרבייט אין אייניגקייט, —
ארבייטען, ברידערליך,
איז זיך אַ קלייניגקייט,
לייכט און ניט ווידערליך,
זים און ניט לאַנג;
ווייל די הענד הויבען זיך,
ווירקענדיג פריינדשאַפטליך,
אָהנע צו רויבען זיך,
האַבעווען פיינדשאַפטליך,
און אָהנע צוואַנג.

בלומענקרענץ דופטיגע,
זאַלען פערציערענדיג,
צימערען לופטיגע,
וואו פראָדוצירענדיג
יעדער מאַן שטייט;
שטייט אַ בעגייסטערטער,
ליעבט זיינע ארבייט ער,
ניט קיין געמייסטערטער
איז אַזאַ'ן ארבייטער, —
דיענט ניט פאר ברויט.

קיינער צום וואַנדערן
ווערט ניט געדרונגען מעהר:
איינער פון אַנדערן
ווערט ניט פערשלונגען מעהר —
קיינעם ניט פעהלט.

ליעבענדיג, לעבענדיג,
לעבט מען געניסענדיג,
לעבט יעדער געבענדיג,
לעבט ער פערזיסענדיג,
אלץ אין דער וועלט.

2

טרוימט ניט פערטראַכטערהייט,
מוחות פערשלומערטע,
זינקט ניט פערשמאַכטערהייט,
הערצער פערקומערטע,
זיצט ניט פערטראַכט!
ברידער, די נאַכט גייט אויס,
ברידער, די זון גייט אויף,
די בייזע מאַכט גייט אויס:
שנעל מיט דער זון שטייט אויף,
ברידער ערוואַכט.

פריידענפול זינגענדיג
ליעדער ערקוויקענדע,
פריידענפול קלינגענדיג
טעננער ענטציקענדע,
קומט אָן די צייט –
פון ארבייט עהרליכע,
פריי פראָדוצירענדע
אלעס בעגעהרליכע,
ניצליכע, צירענדע,
פריידליך, אָהן שטרייט,
קומט אויך פערקינדיגען
ליעבע בעשטענדיגע,
פאר יעדען מינדיגען

צו אַ זעלבסטשטענדיגע
אַרבייטערין, —
ליעבע, ערוואָרבענע,
אָהן איינגענוצטיגע
פלענער, פערדאָרבענע,
אויסזיכטען שמוציגע,
אָהן געלד דאַרין:

ליעבע, וואָס זוכט ניט מעהר
גייסטליכע רייניגונג,
ליעבע, וואָס פלוכט ניט מעהר
שפּעטער די איינינגונג
אין איהרע פרוכט;
ליעבע אָהן ציטערנים,
ליעבע פון זאָרגען פריי,
לעבען אָהן ביטערנים,
פון נויט און באָרגען פריי,
לעבט און פערזוכט.

בלינדערהייט גלויבט ניט מעהר,
לעבט ניט פעראירטערהייט,
אויף זיך ערהויבט ניט מעהר
הערשער רעגירטערהייט,
קיין לאַסט ניט טראָגט.
אויפוואַכט, פערשלאָפענע,
לאַנג־לאַנג בעדריקטע לייט,
אונגליק בעזאָפענע,
ווערט היינט בעגליקטע לייט, —
ברידער עס טאָגט!

1890

## צו מיינע ברידער.

אָרעם געוואָרענע
ווען ניט געבאָרענע;
ווען ניט געבונדענע,
דעננאָך געשונדענע
שקלאַפען זייט איהר;
אייביג פער'צרה'טע,
אייביג פערמאַרעטע,
היער אָבגעריסענע,
דאָ אָבגעשליסענע,
שטעהט איהר פאַר מיר.

מענער פערבלענדעטע,
פרויען געשענדעטע,
לאָזט מען אייך פלאַדעווען,
איפציהען, האָדעווען,
און דער גביר לאַכט —
וועהרענד ער האַבעוועט,
צופט אייך און ראַבעוועט,
יאָגט אייך אין יאָך אַריין,
טרייבט אייך אין סאָכ' אַריין,
טרייבט טאָג און נאַכט.

איהר בויט טהעאַטערען
זיך צו פערמאַטערן;
ניט צום צערשטרייען זיך,
ניט צום ערפרייען זיך,
בויט נאָך אַנאַנד:
זיינען די מעכטיגע
הערליכע, פרעכטיגע,
גרויסע און טייערע

חייזער דען אייערע
אויף אייער לאַנד ?

יינגערהייט, אַלטערהייט
הונגערט איהר קאַלטערהייט,
וואוינט איהר אין דריקענעס,
קריינקט איהר אין שטיקענעס
ניט וואו איהר בויט.
שעפּסען געשאָרענע,
אייער פערלאָרענע
וואָל וואַרעמט שינדער נור,
זייערע קינדער נור,
ניט אייער הויט.

אָ, ניט פון העלערהויט
געהט איהר אום געלערהויט,
מאָגער און אויסגעדאַרט,
חשך'דיג, אויסגעקוואַרט,
שטאַרבט פאַר דער צייט.
דאָס קומט פון צימערלעך,
וואו איהר לעבט קימערליך
דאָס קומט פון דריקען זיך,
טוכלעקייט, שטיקען זיך,
אָרימע לייט !

* * *

ווענינ וואָס וויסענדיג,
גאָר נישט געניסענדיג,
לעבט איהר פערגרעבטערהייט,
שטאַרבט ניט געלעבטערהייט,
גלויביג אין גאָט ;
גלויבענדיג, שטרעבט איהר ניט,
האָפענדיג, לעבט איהר ניט ;
האָט איהר דען יענע וועלט —

גאָט׳ס ליעבע, שעהנע וועלט —
דענקט איהר — איהר האָט ?

טיעף־טיעף געזונקענע,
גלויבענס־בעטרונקענע,
גיט איהר די וועלט אוועק,
לייב, לעבען, געלט אוועק,
דעם וואָס איז רייך;
און זיינע קינדערלעך,
קינפטיגע שינדערלעך,
קינפטיגע צאַפּערלעך,
רייסערלעך, כאַפּערלעך,
לאַכען פון אייך.
* * *

איהר זייט די טויזענדע !
איין רוף אַ ברויזענדער,
איין קלאַפּ אַ טיכטיגער,
איין קאַמפּף אַ ריכטיגער,
ריכטיג בעדאַכט,
וואָלט די פערדאָרבענע,
האַלב אָבגעשטאָרבענע,
די האַלב צוגליעדערטע
מענשהייט פערברידערט, און
גליקליך געמאַכט.

1890

---

## אויף אונזערע קברים.

ווען די פרייהייט וועט זיצען געקרוינט אויפ׳ן טהראָן
פון אַ גליקליכע וועלט און אַ מענשהייט פון ברידער ;
ווען די וואַרהייט וועט האָבען אַ פּלאַץ אויבען־אָן
און אין תהום וועט זיין אַלעס וואָס איז איהר צו־ווידער,

ווען דאָס רעכט וועט געליעבט זיין, דאָס אונרעכט—פערהאַסט
און ווען קיינער וועט קיינעם ניט קויפען, ניט דינגען,
ווען דאָס טהאָן וועט דעם טהוער ניט זיין מעהר צו־לאַסט
און ביים ארבייטען וועט מען מיט פרעהליכקייט זינגען;

ווען ערפינדונגען וועלען פערצירען די וועלט,
ניט מעהר געבענדיג איינצעלנע מענשען מיליאָנען;
ווען מ׳וועט אונזער היינטיגען שטרעבען נאָך געלט
ווי אַ חלום א בייזען מיט שרעקען דערמאָנען;

ווען די גלייכהייט וועט האָבען פערטריבען דעם נייד
און די בילדונג וועט אויפגעקלעהרט האָבען די מאַסען,
ווען מ׳וועט ניט פערשטעהן מעהר די איצטיגע רייד
פון רעגיערענדע און פון געהאָרכענדע קלאַסען;

ווען די ליעבע וועט האָבען פערניכטעט דעם האַס
און, דאָס גליק וועט פערטילגט האָבען קנאה און פיינדשאַפט,
ווען די גאַסען אין שטאָדט און די הייזער אין גאַס
וועלען פול זיין פון איינינקייט, ליעבע און פריינדשאַפט; —

דאַן וועט זיצען א מאָל אין א ליעבליכען קרייז
פון צופריעדענע קינדער, געבאָרען אין פריידען,
אַ געלעהרענטער מאַן, א׳ן ערפאהרענער גרייז,
וועלכער וועט זיי דערצעהלען פון אונזערעליידען:

ווי מיר האָבען זיך געקוועלט מיט דורות צוריק,
ווי מיר האָבען אָהן אויפהער געקעמפפט, וועט ער מעלדען,
ווי עס האָבען געוואָרגען די תליות, די שטריק,
די אָמאָליגע הערליכע מוטהיגע העלדען.

ווי עס האָבען געראַנגעלט זיך איניג די הענט
מיט דעם קאַפּיטאַליסטישען שרעקליכען מאָגען,

און צו מאכען פון רויב און בעדריקונג אַן ענד,
וואָס זיי האָבען ופטהאָן און אריבערגעטראָגען.

ווי דעם ארבייטער׳ס אָרימע ווייב און זיין קינד
האָבען אָפט אָן דעם אייגענעם דלות פערגעסען,
און די וועלט צו בעפרייען פון פרעסער געשווינד.
האָבען פרייוויליג גאנצענע טעג ניט געגעסען.

ווי א לאנג-לאנג פערשאָלטענע אלטע נאַציאָן,
וואָס איז אייביג געווען פון דער וועלט אָבגעזונדערט,
האט די פעלקער ערמונטערט צום ווירקען, צום טהאָן,
און איז ענדליך געוואָרען בעליעבט און בעוואונדערט.

* * *

און די גליקליכע קינדער, פערזאַמעלט אין קרייז,
וועלען איפשטעהן געריהרט פון דעם אלטען מאַן׳ס ווערטער
וועלען דריקען די האנד דעם געאַכטעטען גרייז,
און דאַן לויפען בעזוכען די הייליגע ערטער, —

וואו עס רוהען די קעמפפער פון היינטיגען דור,
וואָס דער טויט נאָר אליין האָט געקענט זיי בעצווינגען,
און בעגייסטערטע קינדערשע שטימען אין כאָר
וועלען זייער געדעכנים מיט עהרעפורכט בעזינגען.
1891

---

## די שקלאַפען-געדולד.

אָה, די געדולד, די פערפלוכטע געדולד,
די שקלאַפען-געדולד פון די ארבייטער-מאסען!
זי נאָר אליין, זי אליין איז די שולד
דערפון, וואָס זיי קאָרמענען די, וואָס זיי האסען.
זי, די געדולד, האלט געבונדען די הענד
פון מענער, וואָס קענען דער מענשהייט פערשאפען

פריעדען און פרייד צווישען יעדע פיער װענד,
א'ן אייביגען פריעדען געזיכערט אָהן וואפען.

זי איז די מויער פון יעדען אָסטראָג,
אין פעטערסבורג, ווי אין פאַריז און אין ברוסעל;
זי איז דער טעקסט פון דעם טורעמניק'ס קלאָג,
זי איז דער שליסער, דער שלאָס און דער שליסעל.

זי די געדולד, גיט איין מוטה דעם דעספאָט
צו ווערגען, צו שטיקען די עדעלסטע העלדען:
זי האַלט דעם טרעפּעל, וואָס פיהרט צום שאפאָט,
פאר זיי, וועלכע קומען די נייע צייט מעלדען.

זי איז די גרינדלאַגע, דער פונדאַמענט
פון מענשען־פערניכטענדע ווערק־צייג־פאַבריקען;
זי אַליין שלייפט יעדען מאָרד־אינסטרומענט,
מיט וועלכען א ברודער זאָל ברידער דערשטיקען

זי גיט טיראַנען א סצעפּטער, א טהראָן,
לאָזט פאָלגען די פעלקער און הערשען — די שררות;
זי — זי, די טאָכטער פון רעליגיאָן,
די מוטער פון קנעכטשאפט, די פון חשך און צרות.

זי, די געדולד, האָט אַליין אין דעם שולד,
וואָס מענשען פערבלוטען און שטאַרבען געלאַסען; —
זי, די געדולד, די פערפלוכטע געדולד, —
די שקלאַפען־געדולד פון די ארבייטער־מאַסען.

1891

---

## קינדערשע מוזיק.

ווער עס איז א מבין אויף די שעהנע,
איינציג־הימלישע מוזיק,

וועלכע קומט פון אונשולדיגע, ריינע
עופ׳עלעך, אין זייער גליק;

ווער עס קען פערשטעהן די צויבער־טענער
פון די קינדער׳ס פלאַפּלעריי,
ווער עס איז אויף זייער קול אַ קענער,
זייער ליעבע שפּילעריי;

ווער עס פיהלט מוזיק אין דעם געלעכטער
פון אַ קינדערשען קאָנצערט, —
דער פערשטעהט אַ מעלאָדיע פיעל עכטער,
ווי אַ קינסטלער אַ׳ן עקספּערט.
* * *

אבער אַזאַ מאַן מוז, גלויב איך, פיהלען
אפט אַ שמערץ, ווען ער בעטראַכט,
אַז די צייט וועט קומען און פערהילען
אַל׳ די הייטערקייט מיט נאַכט;

אַז דער טאָן דער מוזיקאַליש־ליעבער,
וועלכער אונזער הערץ ערפרעהט,
וועט פערזינקען טיעף אין קוילען־גריבער,
וואו דאָס קינד וועט זוכען ברויט;

אַז די פרייע, קלינגענדע ווערטער
וועלען זיך פערוואַנדלען אין אַ פלוך,
ווען ער וועט פערשפּאַרט אין טוכלע ערטער,
זיצען ביי אַ פעלץ, אַ ראָק, אַ שוך;

אַז דעם שפּיעל, דעם שמייכעלע דעם זיסען,
דעם ענטציקענד פרייען בליק
וועט דאָס קינד ניט קענען און ניט וויסען
צעהן יאָהר שפּעטער אין פאַבריק;

אַז עס וועט פערשווינדען, ווי אַ פעדער
אויף׳ן ווינד, די גאַנצע לוסט
אונטער די מוזיק פון שווערע רעדער.
דריקענדיג זיין קראַנקע ברוסט.

1891

## די צוקונפט

אָה, די וועלט וועט ווערען אינגער,
און דער לעבען לייכטער, גרינגער,
יעדער קלאַגער וועט אַ זינגער
ווערען, ברידער באַלד:

לאַז דאָס פאָלק נור ווערען קליגער,
און פעריאָגען דעם בעטריגער,
איהם, דעם פוקס, און אויך דעם טיגער
פון זיין שעהנעם וואלד.

אָה, די וועלט וועט ווערען שעהנער,
ליעבע גרעסער, שנאה קלענער,
צווישען פרויען, צווישען מענער,
צווישען לאַנד און לאַנד:

לאַז די גלייכהייט נור בעזיעגען
האבזוכט, שופטעריי און ליגען,
לאַז דער מענש נור ענדליך קריגען
מענשליכען פערשטאַנד.

אָה, די וועלט וועט ווערען פרייער,
פרייער, שעהנער, אינגער, נייער,

און אין איהר די וואַרהייט טייער,
טייער, ווי אַ פריינד:

לאָז דער טהוער זיך נור שטעלען
מוטהיג געגען די, וואָס קוועלען
זיינע ברידער און געזעלען, —
מוטהיג געגען פיינד.

אַה די וועלט וועט ווערען דרייסטער
און עס וועט ניט זיין אַ מייסטער,
ניט די קרוין און ניט דער טייסטער,
ניט דעם זעלנער׳ס שווערד:

לאָז דאָס פאָלק זיך נור ניט באַנגען
פריש אַ הויב זיך צו דערלאַנגען,
און זיך נעהמען — ניט פערלאַנגען —
רעכטע אויף דער ערד.

מוטהיג, ברידער, מוטהיג שוועסטער!
דיזער קאַמפף, דער לעצטער, גרעסטער,
רופט אייך פון די טוכלע נעסטער
אויף׳ן פרייען פעלד:

אַלזאָ מוטהיג אין די רייהען,
אין די רייהען, צו בעפרייען,
צו בעפרייען און בענייען,
אונזער אַלטע וועלט.

1892

## אַ קאַמפפס-געזאַנג.

וויקעלט פאַנאַנדער די פאָהנע די רויטע,
שפּיעלט אויף אַ מאַרש און דערלאַנגט זיך אַ ריהר!

וועקט אויף די אָרימע לעבעדיג-טויטע,
זאָגט צו זיי: ברידער, זעהט דאָ שטייען מיר,
דאָרטען — דער בלוטיגער פיינד:
דאָ איז די פרייהייט, דאָס ליכט, די גערעכטיגקייט,
דאָרטען — דער יאָך און די נאַכט און די שלעכטיגקייט:
ברידער, מאַרשירט מיט אונז היינט!

ווישט אויס פון אַרבייטער-אויגען די טרערען,
זאָגט זיי: צום וויינען איז איצט ניט קיין צייט,
לאָזט היינט קיין קול פון געוויין זיך ניט הערען,
היינט, ווען מיר קומען אַרויס אויף אַ שטרייט,
מיר און דער בלוטיגער פיינד
ער, — וועלכער וויל איהר דורך שנאה צוגליעדערן:
מיר, — וועלכע ווילען די מענשהייט פערברידערן,
ברידער, מאַרשירט מיט אונז היינט!

וויקעלט פאַנאַנדער די פאָהנע די רויטע,
וועקט די, וואָס שלוממערן, זייענדיג שוואַך,
איינציגוויז נעהמט זיי צונויף די צושפרייטע,
זאָגט זיי: אונז רופט היינט די הייליגע זאַך
געגען דעם בלוטיגען פיינד:
אונז, דעם המון פון בעדריקטע דאָך מוטהיגע,
געגען האַבונעס, פערווילדעטע, בלוטיגע,
ברידער, מאַרשירט מיט אונז היינט!

אידעלעך, איהר זייט ביי אַלע נאַציאָנען
גרים און תושבים געוועזען צוגלייך,
זייט איצט ביי זיי אין די פרייהייטס-לעגיאָנען,
איצט, ווען עס שטעהט געגען זיי, געגען אייך,
דאָרטען דער בלוטיגער פיינד;
ער מיט די פאָלקען פון מערדער געדונגענע

גענען די שקלאפען אין קייטען צושפרונגענע,
וועלכע בעפרייען זיך היינט.

וויקעלט פאנאנדער די פאָהנע די רויטע,
שפּיעלט אויף אַ מארש און דערלאנגט זיך א הויב,
האלט פאר די אויגען די העלדען די טויטע,
דיינקט אָן די אָפּפער פון האבזוכט און רויב
היינט גענען בלוטיגען פיינד;
גיט אריין קראפט אַללע בלייכע, צוזויגענע,
גיט אריין מוטה אַללע טיעף-איינגעבויגענע,
זאָגט זיי: מארשירט מיט אונז היינט.
1892

## די וועלט פאַר די רייכע.

זיי בעטראַכטען די וועלט ווי אַ מארק,
און די אָרעמע מענשען ווי וואַרען,
און זיי זיצען ביי'ם פאָלק אויפ'ן קאַרק,
פון דער הויך צו בעטריגען די נאַררען.

זיי בעטראַכטען די וועלט ווי א טייך,
וואו דאָס פאָלק איז די פיש, וואָס זיי פאנגען,
און זיי ווערען פון פאַנג ניט נור רייך,
דער פיש מוז דעם נעץ זיי דערלאנגען.

זיי בעטראַכטען די וועלט ווא א וואַלד,
וואו זיי יאָגען די מענשען ווי האָזען,
און זיי האַלטען פאַר רעכט די געוואַלד,
פאַר אַ'ן אונרעכט — זיך שינדען ניט לאָזען.

און דער אָרימער גייט אויפ'ן מאַרק,
און ער לאָזט זיך אין נעץ פון זיי פאנגען,

און ער מערקט אויפ׳ן יאַגד ניט ווי שטאַרק
ער אַלליין איז אַ קלאַפּ צו דערלאַנגען.

און אַזוי גיט איבער די וועלט
צו די הענדלער, די פאַנגער, די יעגער,
וועלכע האָבען נור דאַן ווען איהם פעהלט, —
איהם, דעם מאַכער, דעם טוער, דעם טרעגער.

1892

---

## דער יאָממער-קול.

איך הער אַ קול, אַ יאָממער־קול,
אַ שמערצליכען געשריי;
איך הער איהם, דוכט מיר, אויף אַ מאָל,
אין ערטער אַלערליי.

איך הער איהם דאָרטען, הער איהם דאָ,
איך הער איהם אומעטום,
און שטאַרקער ווערט ער וואָס פון שעה
און נעהמט אַלצדינג אַרום.

און דיזער קול, דער יאָממער קול,
דער ביטערער געשריי,
ער דריקט אוים שמערצען אָהן אַ צאָהל
און ליאַרעמט: אָך און וועה!

איך פרעג דעם הימעל און די ערד
די שטערען און די זון,
איך בעט זיי: זאָגט מיר און ערקלערט
וואָס איז דער מיין דערפון;

אָה, וואָס בעטייט דער יאָממער־קול
דער שמערצליכער געשריי
וואָס הערט זיך, דוכט מיר, אויף אַ מאָל,
אין ערטער אַלערליי.

די ערד, דער הימעל, און די זון —
זיי דריי, זיי שוויינגען שטיל:
זיי ווייסען ווייניג־וואָס דערפון
און קלערען אויך ניט פיעל.

איין שטערען נור, ער ווינקט און זאָגט:
„דו פרעג דעם פרייען ווינד,
דעם ווינד וואָס טראָגט דעם קול, וואָס קלאָגט,
אָט איז ער, רעדט געשווינד...“

איך שריי צום ווינד אַרויף און זאָג:
ערקלער מיר, וואָס בעטייט
דער שמערץ־ערפילטער יאָממער־קלאָג
וואָס הערט זיך נאָהנט און ווייט?

איז דאָס דער לעצטער שמערץ־געשריי
וואָס שטאַרבט אָב און פערשטומט?
איז דאָס, פערקעהרט, דער אוי און וועה
פאַר אַ געבורט וואָס קומט?

„יאַ הערליכע געבורט בעטייט
דער קול“ — זאָגט מיר דער ווינד —
„די צייט איז לאַנג שוין אויף דער צייט...
דאָס געהט זי איצט צו־קינד“.

1893

## בלוטס-טראָפּענס.

ווען אַל די טראָפּפּענס בלוט, וואָס פליסען
פון יעדער פּראָלעטאַריער־וואונד,
וואָלט ווער עס איז צוזאַמענגיסען,
דאַן וואָלט מען קלערער זעהן און וויסען
דעם גרונד פון זיי, דעם בייזען גרונד.

עס וואָלט ווערען רויטע טייכען
און יעדער וואָלט אין זיי ערבליקט
אַ שטראָם, וואָס פליסט פון זיינעם גלייכען,
און מאַכט אַ בלוט־באָד פאַר׳ן רייכען,
און פאַרבט דעם וויין וואָס איהם ערקוויקט.

עס וואָלט דער אַרבייטער בעגריפען,
אַז ער אַליין מיט זיינע הענד,
האָט פאר דעם בלוטצאַפּער געשליפען
אַ שווערד, וואָס מאַכט זיין בלוט זאָל טריעפען,
זאָל טריעפען, טריעפען אָהן אַ׳ן ענד.

דאָך אַל׳ די טראָפּפּענס בלוט זיי פליסען
בעזונדער טיעף אַריין אין דר׳ערד;
זיי לאָזט מען זיך פאַנאַנדערגיסען,
און נור די ערד אַליין קען וויסען,
וואָס פון די טראָפּענס אַלע ווערט.

---

## אַ בעזים און אַ קעהר.

גענוג! איך וויל ניט פיטטערן
קיין ליידיג־גייערס מעהר;

גענוג פאַר פירסטען ציטערן, —
אַ בעזים מיר אַהער!

אַרויס, מיין לאָרד און אַדעלמאַן,
דו סוועטער — דיקע בויך,
דו מוסר־זאָגער, טאַדעלמאַן,
דו קיטעלמאַן, גיי אויך!

איך דאַרף ניט מעהר קיין מיטעלמאַן,
אַ בעזים און אַ קעהר!
קיין מיטטעלמאַן, קיין טיטעלמאַן, קיין קיטעלמאַן,
ניט מעהר!

דו עסט מיר אויף, דו, פּרעדיגער,
וואָס בלייבט פון סוועטער נאָך;
און דו, מיין הערר לאָרד גנעדיגער,
דיין טיטעל איז מיין יאָך.

דער לאָרד נעמט צו די לאַנד פון מיר,
דער פּרעדיגער שטימט צו,
דער סוועטער שוויצט די האַנד ביי מיר,
דאָך זאָג איך אייך: הערט צו!

איך דאַרף ניט מעהר קיין פּרעדיגער,
אַ בעזים און אַ קעהר!
קיין פּרעדיגער, קיין גנעדיג־הערר, קיין ליידיג־גייער
מ ע ה ר!

גענוג מיר לאָזען האַבעווען
האַבונעס דורך מיין מיה;
גענוג פון מיר אייך ראַבעווען
און טרייבען מיך ווי פיה!

מיך שרעקט קיין שווארצער קיטעל ניט,
קיין שווארצער יאָהר ניט מעהר:
מיך שרעקט קיין קרוין, קיין טיטעל ניט,—
מיין בעזים מיר אָהער!

איך דארף ניט מעהר קיין פלאפערמאן, —
א בעזים און א קעהר!
קיין פלאפערמאן, קיין כאפערמאן, קיין קלאפערמאן
ניט מעהר!

איהר אַלע דאַרמאָיעדניקעס,
איהר ליידיג־גייערס, גייט!
און אייערע נאסליעדניקעס
הייסט מאַכען זיך בערייט
צו לעבען אין די קינפטיגע
געזעלשאַפט מיט דער צייט,
ווי עהרליכע, פערנינפטיגע
און ברידערליכע לייט;

ווייל דאן וועט מעהר קיין מיטעלמאן,
קיין פאַראַזיט ניט זיין!
קיין מיטעלמאן, קיין קיטעלמאן, קיין טיטעלמאן
ניט זיין!

## רייכע לייט.

רייכע לייט צופרידענע
לעבען אויף פאַרשיעדענע
אופנים אויף דער וועלט:
מאַנכע פון זיי צירען זיך,
אַנדערע פאַרשמירען זיך
און אַלע ליעבען געלט.

און זיי אלע האבעוועז. —
האבעוועז, בעראבעוועז
די אויסגעקוועלטע הענט;
דיזער דורך א בלעטעלע,
יענער דורך א צעטעלע,
א׳ן אנדערער דורך רענט.

דער, געזעצליך לאטכענדיג,
יענער, געטליך בדחנדיג,
א דריטער פון פראצענט;
פון פראצענט, פון וועקסעלעך,
נעהמענדיג פון עקסעלעך
וואס קריכט נאר אין די הענט.

קוקט מיט וואס זיי רייסען זיך
צווישען זיך, און בייסען זיך,
און כאפען דער פון דעם;
דאס איז נאר א קלייניגקייט,
ווייל מי קען אהן אייניגקייט
זיך לעבען רייך, בעקוועם.

און דער רייכטום זייערער
וועט א׳ן אונגעהייערער
בעטרוג זיין אזוי לאנג,
ביז דער לעבען אייערער
וועט ניט זיין א פרייערער, —
פון יאך פריי און פון דראנג.

---

## צו די ארבייטער.

איהר, וואס לעבט פארגרעבט
אין די אייביגע נויט,

אין נויט, וועלכע קלעבט
צו אייך בעת איהר שוועבט
צווישען לעבען און טויט;

איהר, וואָס פלוכט און זוכט
ניט קיין אויסוועג פון זומפּ,
און קליידעט און שוכט
און גיט נאָך די פרוכט
פון דער ארבייט דעם לומפּ;

איהר, וואָס זיצט און שוויצט
ביי אַ סוועטער אין הויז,
און זעלבסט אונטערשטיצט
דעם שווינדעל, וואָס ניצט
אייער שוויים און מאַרך אויס;

איהר האָט הענט און קענט
מיט זיי איינשטירצען שנעל
די מעכטיגע ווענט
מיט דעם פונדאַמענט
פון די רויב־ציטאַדעל.

דאָך איהר דאַרט און קוואַרט
און גיט זיך ניט אַ ריהר;
פאַרבלענדט און פאַרנאַרט
אַט זיצט איהר און וואַרט; —
זאָגט אויף וועמען וואַרט איהר?

אפשר גאָט, וואָס האָט
אייך געזעהען אַזאַ צייט
אין נויט, כאָטש איהר האָט

געחיט זיין געבאָט,
וועט אייך העלפען אָהן שטרייט?

ווען איהר אירט, פאַרווירט
אין דער וועלט, ליגט די שולד
אין דעם, וואָס איהר שפּירט
נאָר נויט, און פארלירט
ניט דערביי קיין געדולד;

וואָס איהר נייט, באַקליידט
אייער אויסבייטער׳ס גוף,
ווען איהר אַליין געהט
האַלב־נאַקעטערהייט
ביז דער טויט געהט אַרויף.

וואָס איהר וועבט, דאָס שלעפּט
ער אין שפּייכלער אַריין;
איהר וועבט בעת ער שעפּט
אַן גאָלד און פאַרלעבט:
אייער שווייס גיט איהם ווײַן.

ווען איהר שפּינט, געווינט
ער מיליאָנען דערפון,
ער, וועלכער פאַרדינט
פון אַלץ וואָס געפינט
זיך אונטער דער זון.

ווען איהר שפּרייט און זייט
די זריעה אין פעלד,
דאָס נעהמט דער, וואָס געהט
אום ליידיגערהייט
און וואָס טראַכט נאָר פון געלד.

וואָס איהר פאַנגט, דערלאַנגט
איהר איהם ווי אַ פּרעזענט,
דעם מאַן, וואָס פערלאַנגט
אַלץ, אַלץ און איהם באַנגט,
וואָס ער האָט נאָר צוויי הענט.

איהר האָט הענט און קענט
מיט זיי איינשטירצען שנעל
די מעכטיגע ווענט
מיט דעם פונדאַמענט
פון די רויב־ציטאַדעל.



אליין די נאַטור טהוט זיי בענטשען
צום קאַמפּף, צו די הייליגע פּפליכט —

בעפרייען די אָרימע שקלאַפען,
וואָס שמאַכטען אין הונגער און קעלט
און פאַר די מענשהייט בעשאַפען
א פרייע, א ליכטיגע וועלט.

וואו עס זאָל ניט גיסען קיין טרערען,
ניט פליסען אונשולדיגעס בלוט
און מענשען, ווי גלענצענדע שטערען,
שיינען מיט ליעבע און מוטה!

איהר קענט אונז ערמאָרדען, טיראַנען!
נייע קעמפּפער וועט ברייגען די צייט —
און מיר קעמפּפען, מיר קעמפּפען, ביז וואַנען
די גאַנצע וועלט וועט ווערען בעפרייט.

---

## מיין צוואָה.

א גוטע פריינד! ווען איך וועל שטאַרבען,
טראָגט צו מיין קבר אונזער פאָהן —
די פרייע פאָהן מיט רויטע פארבען,
בעשפריצט מיט בלוט פון ארבייטסמאַן!

און דאָרט אונטער דעם באַננער רויטען
זינגט מיר מיין ליעד, מיין פרייעס ליעד!
מיין ליעד „אין קאַמפּף“, וואָס קלינגט ווי קייטען —
פון דעם פערשקלאַפטען קריסט און איד.

ה. ערעלשטאַם.

## אין קאַמפּף.

מיר ווערען געהאַסט און געטריבען,
מיר ווערען געפּלאַגט און פערפאָלגט, —
און אַלעס דערפאַר, ווייל מיר ליעבען
דאָס אָרימע שמאַכטענדע פאָלק.

מיר ווערען ערשאָסען, געהאַנגען;
מען בערויבט אונז דאָס לעבען און רעכט
דערפאַר, ווייל מיר אמת פערלאַנגען
און פרייהייט פיר אָרימע קנעכט!

אָבער אונז וועט ניט ערשרעקען
געפּענגנים און טיראַניי;
מיר מוזען די מענשהייט ערוועקען
און מאַכען זי גליקליך און פריי.

שמידט אונז אין אייזערנע קייטען,
ווי בלוטיגע חיות אונז רייסט;
איהר וועט אונזער קערפּער נור טויטען,
אָבער ניט אונזער הייליגען גייסט!

טיראַנען! איהר קענט איהם ניט טויטען,
דאָס איז איין אונשטערבליכער בלום;
זיינע שמעקענדע, פלאַמענדע קוויטען
בליהען שוין יעצט אומעטום!

זיי בליהען אין דענקענדע מענשען,
וואָס ליעבען גערעכטיגקייט, ליכט;

אויך אין מיין קבר וועל איך הערען
מיין פרייעס ליעד, מיין שטורם־ליעד.
אויך דאָרט וועל איך פערגיסען טרערען
פאַר דעם פערשקלאַפטען קריסט און איד!

און ווען איך הער די שווערדען קלינגען
אין לעצטען קאַמפּף פון בלוט און שמערץ —
צום פאָלק וועל איך פון קבר זינגען
און וועל בעגייסטערן זיין הערץ!

## דער וועקער.

הערט נור צו, וואָס איך וועל זאָגען:
ווען איהר ווילט קיין קייטען טראָגען —
קומט אין אונזער פאָלק,
וואָס מיר ווילען, ניט פיעל בריִיען,
איז פון שקלאַפען־יאָך בעפרייען
דאָס אונטערדריקטע פאָלק.

קומט צו אונז מיט פרייע ווערטער,
פרייע הערצער, פרייע שווערטער,
קומט אין פרייען שלאַכט,
קעמפּפען וועלען מיר, ביז וואַנען
עס וועלען פאַלען די טיראַנען —
שווינדען ווירד די נאַכט.

זעהט נור וויפיעל קעמפּפער פאַלען
פיר די פרייהייטס אידעאַלען
אין קאַמפּף מיט טיראַניי!
זאָלען מיר דען רוהיג שוויגען,

רוהיג זיצען אין די שטיינען —
דולדען שקלאפעריי ? !

הערט, ווי אונז דער פיינד בעליידיגט,
גאָטעס-פרוכט און קנעכשאפט פרעדיגט
פיר דעם ארבייטס-מאַן
שוין גענוג אין קייטען שלאָפען,
ברעכט די קערקערס* טהירען אָפען,
טויט צו דעם טיראַן!

נימאַלס זעט איהר ניט פערמיידען
אימער שאנד און שמערצען ליידען,
זאָלאנג ווי איהר זייט קנעכט.
ברידער, העלפט איינער דעם צווייטען,
ברעכט די קייטען אָן די קייטען,
קעמפפט פיר מענשענרעכט!

ווי לאַנג וועלען נאָך רעגירען
ווילדע הענקער און וואמפירען ?
ליידענדע ערוואכט!
קומט צו אונז מיט פרייע ווערטער,
פרייע הערצער, פרייע שווערטער,
קומט אין פרייען שלאַכט!

## פאָרווערטס.

צו דער ארבייט! פאָרווערטס, ברידער,
אלע, אלע, קומט מיט מוטה!

*) געפענגניס.

פרייע אַרבייט שטאַרקט די גליעדער —
און זי רייניגט אונזער בלוט.

פוילט זיך ניט, אַ שאַנדע — כ'לעבען —
שלאָפען אין אַ צייט פון קריעג !
ווילט איהר וויסען, וואָס הייסט לעבען —
קעמפּפט פיר אַלגעמיינע גליק !

פאַרוועט שטופּט די פרייהייטס רעדער !
מיט'ן שווערד און מיט'ן פען —
לאָז זיין ארבייט טהאָן א יעדער —
ו ו י ער קען און ו ו אָ ס ער קען.

לערנט זעלבסט און אויך דעם צווייטען —
צייגט דעם וויסענ'ס ריינעם קוואַל !
און צוגליהט די שקלאַפען קייטען
מיט דער װארהייט'ס הייסען שטראַהל !

װארפט אריין אין אלע קלאסען
פונקען פון דעם פרייען גייסט !
לערנט דענקען, קעמפּפען האַסען : —
דאָס איהר מענשען זינד בעווייזט !

און ניט ציטערט פיר די הענקער !
שטערבען ווי אַ פרייער מאַן
און דאָך ליעבער פיר'ן דענקער,
ווי זיך צו בוקען צום טיראַן.

נאָך די שטורמען, פרעסט און שנייען
קומען וועט דער שעהנער מאַי,
וואָס מיר וועלען יעצט פערזייען, —
וועט דאַן בליהען פראַנק און פריי !

און אַז יעדער וועט געניסען
פון דעם ריינעם פרייהייטס־בוים
זיסע פריכטע, וואָס פערזיסען
יעדעם הערץ און יעדען הוים!

פאָרווערטס! שטופּט די פרייהייטס רעדער!
אַרבייט, ערנסט, פול מיט גייסט! —
מיט'ן שווערד און מיט'ן פעדער;
דאָס איהר מענשען זינד, בעווייזט!

# וואַכט אויף!

ווי לאַנג, אָה, ווי לאַנג, וועט איהר בלייבען נאָך שקלאַפען
און טראָגען די שענדליכע קייט?
ווי לאַנג וועט איהר גלענצענדע רייכטהימער שאַפען
פאַר דעם וואָס בערויבט אייער ברויט!?

ווי לאַנג וועט איהר שטעהן אייער רוקען געבויגען,
ערנידריגט, היימלאָז, פערשמאַכט!
עס טאָגט! וואַכט אויף! עפענט די אויגען!
ערקענט אייער אייזערנע מאַכט!

פרעדיגט די פרייהייט פון קאַמפף־באַריקאַדען!
ערקלערט די טיראַנען אַ קריעג!
מוטה און ענטשלאָסענהייט, בראַווע קאַמראַדען!
וועלען אייך פיהרען צום זיעג!

קייטען און טהראָנען, אַלעס מוז פאַלען,
אונטער דעם אַרבייטער'ס שווערד!
מיט דופטענדע בלומען, מיט גאָלדענע שטראַהלען
וועט פרייהייט בעציערען די ערד!

און אלעס וועט לעבען, ליעבען און בליעהען
אין פרייהייטס גאָלדענעם מאַי!
ברידער, גענוג פאַר טיראַנען צו קניען,
שווערט, דאָס איהר מוזט ווערען פריי!

קלינגט איבעראַל אין די פרייהייטס גלאָקען,
פערזאַמעלט די ליידענדע קנעכט!
און קעמפפט בעגייסטערט, קעמפפט אונערשראָקען
פיר אייער הייליגע רעכט!

## מיין פריהלינגסליעד.

איך הער מען זינגט פון דער פריהלינגס־זאָנע,
פון דער זיסער נאַכטיגאַל,
און איך זעה נור קאַלטע, פערפראָרענע הערצער
און הער קייטען־מוזיק איבעראַל....

וואָס איז מיר פריהלינג וואָס איז מיר בלומען?
דאָס גענייעסט יעצט נור דער טיראַן!
ער לאָזט נור איבער די גיפטיגע דערנער
פאַר דעם אָרעמען אַרבייטסמאַן.

וואָס ווייס אַ שקלאַף פון דעם זיסען פריהלינג?
פאַר איהם איז נור שטורם און פרעסט,
נישט מיט געזאַנגען, מיט זיפצען און קרעכצען
איז פול יעדער אַרבייטער־נעסט!

עס וועט אויך קומען א מאָל דעם אַרבייטער'ס פריהלינג,
דער פריהלינג פון פרייהייט און ליכט,
ווען אַ שטראַהל פון גליק וועט אויך פרעהליך שפּיעלען
אויף דעם אַרבייטערס בלאַסען געזיכט!

ווען אויך פיר איהם וועלען בליהען די ראָזען
און זינגען די נאַכטיגאַל,
און זים וועלען רוישען די גרינע וועלדער,
און דער זילבערנער וואַסערפאַל.

ווען אויך דעם אַרבייטערס פרויען און קינדער,
— און ניט דעם רייכענס נור —
וועלען געניסען דעם זיסען גן־עדן
דער שעהנער, דער רייכער נאַטור!

ווען יעדעם מענשליכעס הערץ וועט בליהען
מיט ליעבע, מיט הומאַניטעט!
אַך, יענעם פריהלינג וועל איך בעזינגען
שוין נישט ווי אַ טרערן־פּאָעט!

איך וועל איהם בעגריעסען, ווי די ערשטע ליעבע
אַ ליעבענדעס הערץ בעגריסט,
איך וועל איהם בעזינגען, ווי עס קען נור בעזינגען
אַ דיכטער און סאָציאַליסט!

איך וועל איהם בעגריסען, און וועל גערן קושען
זיין יעדען הייליגען טריט....
און אין יעדעס הערץ וועט אָבקלאַנג געפינען
מיין ליעבע, מיין פריהלינגס ליעד!

---

## מיין לעצטע האָפנונג.

אין שטורם, אין קאַמפף, איז מיין יוגענד פערשוואונדען,
פון ליעבע, פון גליק האָב איך ניעמאלס געוואוסט:
נור בלוטיגע טרערען און בלוטיגע וואונדען
האָבען געקאָכט אין מיין ברוסט.

פריה האָב איך מיין הויז און מיין הוימאַט פערלאָרען,
פון קינדהייט האָט מיך שוין דער שיקזאַל פערפאָלגט;
פערגיפטעט האָט ער מיינע בליהענדע יאָהרען
און אימער געמאַטערט, געקוועלט און געיאָגט.

פריה זיינען געשטאָרבען מיינע האָפנונגען זיסע,
פריה האָב איך דערזעהען דעם ווילדען קאָנטראַסט —
דאָס אַרבייטער פאָלק אין אַ פינסטערע תפיסה
און שווינדלער, בעטריגער אין אַ רייכען פּאַלאַסט.

אַ געוואַלדיגער שטורם האָט מיין זעעלע ערציטערט
און איך האָב געשוואָרען ראַכע און טויט
צו אַלעם, וואָס האָט אונזער לעבען פערביטערט,
געמאָרדעט, בערויבט אונזער פרייהייט און ברויט.

פאַר אַלעם, וואָס דעם מענשען איז הייליג און טייער,
האָב איך גערופען צום קאַמפּף מיט געוויין:
אין מיין הערץ האָט געפלאַקערט אַ הייליגער פייער,
מיין לעבען, מיין גאָט וואַר די מענשהייט אַליין!

עס האָבען געלאַכט די אונוויסענדע שקלאַפען: —
„משוגענער דיכטער, הער אויף דיין געשריי,
וואָס ווילסטו מיט פרייהייט, מיט קאַמפּפע, מיט וואַפפען?
די רייכע זינד מעכטיג און די וועלט איז פאַר זיי!“

עלענד בין איך אין דעם שטורעם געשטאַנען,
מיין עלענדער קאַמפּף האָט געהאַט קיין ערפאָלג:
עס הערשען, ווי אימער, די ווילדע טיראַנען,
עס בלוטעט, ווי אימער, דאָס אָרעמע פאָלק.

אַ שיקזאַל, דו האָסט ניט געלאָזט מיך ערווערבען
אַ פונק פון פרייהייט, פון מענשליכע רעכט:

איך וואר שקלאף אין מיין לעבען, אח, לאז מיר פריי שטערבען
פאר די בעפרייאונג פון ליידענדע קנעכט!

בערויבט ניט ביי מיר מיין האפנונג זיסע,
מיין לעצטע האפנונג א מינוט פאר׳ן טויט...
זעהן, ווי דאס פאלק וועט צוברעכען זיין תפיסה
און וועט זיך בעפרייען פון הונגער און נויט...

## צו דער ווארהייט.

הייליגע ווארהייט, איך בעגרים פון מיין הערצען
דיין קומען אויף אונזערער וועלט,
וואו דאס פאלק איז פערזונקען אין עוויגע שמערצען,
וואו עס הערשט נור פאלשקייט און געלט.

קום, בעלייכט מיט דיינע הימלישע שטראלען
די שרעקליכע פינסטערע נאכט,
וואו טויזענדע מענשען אונשולדיגע פאלען
אין קאמפף מיט דער טיראנישער מאכט.

קום, ערקלער אונז מיט ליעבע און קלארהייט,
ווי שענדליך עס איז שקלאפעריי
און דורך דעם קאמפף פיר ליעבע און ווארהייט
קען דאס פאלק ווערן גליקליך און פריי.

בעגייסטער, פעראייניג דיינע ארעמע ברידער,
הויב אויף דעם געפאלענעם קנעכט!
צערברעך זיינע קייטען, בעפריי זיינע גלידער
און גיב איהם דאס מענשליכע רעכט!...

## צו די גענאָסען.

די נאַכט איז פינסטער, מען זעהט ניט קיין שטערן...
דער הימעל איז שוואַרץ, ווי די ערד.
עס הערשען נור הענקער און שווערד.
ווילד רוישט דער ים פון מענשליכע טרערן,

די וואַרהייט ליגט עלענד, אין קייטען געשלאָסען,
פערוואונדעט פון שרעקליכען פיינד.
אָה, וואַרהייט! וואו זינד דיינע טרייע גענאָסען?
וואו זינד דיינע עהרליכע פריינד?

וואַרום קומען זיי ניט היילען דיינע בלוטיגע וואונדען,
און טהאָן זייער מענשליכע פפליכט?
איז דען אויף עוויג די זאָנע פערשוואונדען,
פערלאָשען איהר הייליגע ליכט?

איז דען די גייסטיגע מענשהייט געשטאָרבען —
עס לעבען נור היינקער און קנעכט?
און אלעס וואָס העסליך איז, שמוציג, פערדאָרבען,
נור דאָס האָט צו לעבען דאָס רעכט?

ניין, ברידער, איך קען ניט, איך וויל דאָס ניט גלויבען!
מיר זיינען פערמאַטערט, פערשקלאַפט,
אין שטייגען פערצאַמט, ווי געפאַנגענע לויבען,
אָבער דאָך איז ניט טויט אונזער קראַפט!

דיזע מענשליכע קראַפט קען נאָך וואונדער בעווייזען
ווען דער שטורם ערוועקט אונזר גייסט,
ווי מיט צויבער צערשמעטערט זי שטיינער און אייזען,
אויף שטיקער די קייטען צורייסט!

דער קען ניט די האָפנונג אויף פרייהייט פערלירען,
ווער עס זוייס די געשיכטע דער וועלט.
נור אין דער פינסטערנים קענען רעגיערען
געוואלדטהאטען, שווינדעל און געלט.

דאָך ווי עס קומט נאָר דער ליכטיגער מאָרגען
איז היינקער און טהראָן אין געפאַהר,
אלעס שלעכטעס וואָס איז אין דער פינסטער פערבאָרגען,
ווערט דעם פאָלק דאַן פערשטענדליך און קלאָר,

עס ברעכען די קייטען עס פאַלען די טהראָנען,
עס רעגיערט נור דער פרייער פערשטאַנד.
מען ברויכט ניט קיין בלוטהונד, מען דארף ניט קאַנאָנען,
ליעבע און עהרע בעוואַכען דאָס לאַנד.

און ווען איהר האָט האָפנונג, פערלירט ניט די וואַפען,
וואָס קענען אייך פיהרען צום זיעג,
פערלירט ניט די ווארהייט, זי קעמפפט פיר די שקלאַפען,
פיר מענשליכע פרייהייט און גליק!

זעהט, ווי די ווארהייט איז עלענד, בעגאָסען
מיט טרערען, א בלוטיגער טייך —
קומט צו איהר, רעטעט זי, ברידער, גענאָסען!
זי קעמפפט און זי בלוטעט פאר אייך!

---

# היינטיגע מענשען.

היינט זינד די מענשען גאַנצע וועלטען
פון חכמה, פון דומהייט, פון פרייד און שמערץ;
אבער זעלטען, אָך, זעהר זעלטען
געפינט מען א ווארעמעס מענשליכעס הערץ!

מיר האָבען זעהר פיעל מאָראַליסטען,
מיר האָבען געזעצע אויף יעדען שריט:
שרייבער, רעדנער, גלענצענדע איסטען,
נור מענשליכע הערצער... דאָס האָבען מיר ניט.

מענשען האָבען דאָס הערץ פערלאָרען
אין ווילדען יאָגד נאָך געלד און נאָך רוהם;
מענשען זיינען שטיינער געוואָרען,
וואו גיפטיגע שלאַנגען קריכען ארום.

* * *

ווארעמע הערצער, עדעלע, זיסע,
ווי שווער איז אָהן אייך דער לעבענס־וועג!
די וועלט איז אַ דול־הויז, די וועלט איז אַ תפיסה,
אין כמארע פערלירט זיך דער הייליגער צוועק!

## וואָהרע און פאַלשע העלדען.

שרייבער, רעדנער, פילאָזאָפען,
פיר דען גרויסען הייליגען צוועק —
צו בעפרייען אַלע מענשען,
שיסען ווערטער גאַנצע זעק.

מאַנכע האַנדלען אויך מיט ווערטער
און פערקויפען זיי דער וועלט —
איינער פיר אַפּלאָדיסמענטען
און דער אנדערער פיר געלד.

דאָך דער וואָהרער זאָהן דעס פאָלקעס
ניט צום וואָרט — ער גרייפט צום שווערד,
און פיר זיינע ברידער שקלאַפען
קעמפפט ער מוטהיג ווי אַ העלד!

און ער זוכט קיין מאָנומענטען,
קיין פּערזענליכען ערפאָלג:
גערן ליידעט ער און בלוטעט —
אַללעס, אַללעס פיר דאָס פאָלק.

פיינדע וואַרפען אין איהם שטיינער,
פון איהם לאַכט דער זאַטער נאַר;
דאָך דער העלד געהט אימער פאָרוועדטס
אימער פאָרוועדטס אין געפאהר —

אין זיין האַנד די פרייהייטס-פאָהנע,
אין זיין ברוסט אַ וואַרעמעס הערץ
פול מיט ריינע מענשען־ליעבע,
פול מיט טיעפען האַס און שמערץ!

אין דער שוואַרצער נאַכט אין שטורם,
ווי אַ שעהנער זאָנענשטראַהל,
בליצט און שיינט פאַר זיינע אויגען
זיין געליעבטער אידעאַל....

קעמפּפענד שטאַרבט ער פאַר דער מענשהייט
און זיין קבר בלייבט אליין —
בלייבט אליין אָהנע שיינע בלומען,
אָהן אַ רייכען מאַרמאָר־שטיין....

* * *

דאָך עס קומען שוין די צייטען,
ווען דאָס פרייע פאָלק דער וועלט
מאַכט אונשטערבליך איהרען וואהרען
זעלבסטבעוואוסטען מענשען־העלד......

און פון אלע פאלשע העלדען
פון געזיכט די מאַסקע פאַלט.

און זיי ציייגען זייערע שוואַרצע,
זייער העסליכע געשטאַלט......

דאַן מיט שאַנדע שטירצען ניעדער
אַלע שמוציגע פיגמעען,
עוויג לעבט דער וואהרער ריימפּפער
פיר די הייליגע אידעען!

## דער רויטער זעגל.

איך זעה אַ רויטען זעגל
מיט זילבערנעם שוים בעשפריצט;
ער לויפט צווישען שטירמישע וועללען,
עס קראַכט, עס דונערט און בליצט.

אונטער דעם רויטען זעגל
זעה איך אַ פּראָלעטאַר,
מיט זיין אייזערנער האַנד אויף דעם רודער
שטעהט ער שטאָלץ אין געפאהר.

איהם שרעקט ניט דער ווילדער שטורם,
איהם שרעקט ניט דער פעלזען שטיין;
ער טרעפט מיט זיין פייל אין די ברואים,
וואָס קריצען אויף איהם מיט די ציין.

זיין גייסטיגער בליק איז געריכטעט
אויף דעם אינזעל, וואָס "פרייהייט„ הייסט, —
אהין, וואו דער מענש וועט געפינען
זיין גליק, זיין לעבען, זיין טרייסט!

און ווען טויזענדע פעלזען און שטורמען
בעגעגענען איהם אויף זיין וועג,
מיט זיין ברוסט אויף זיין רויטען זעגעל
וועט ער עררייכען דעם ברעג!

ער וועט עררייכען דעם אינזעל
פון פרייהייט, פון מענשענגליק;
און אויפ׳ן בעזיעגטען שטורם
ווארפען מיט שטאָלץ זיין בליק!

פאָרוועררטס מיין רויטער זעגעל!
די ווארהייט איז דיין פאַסאַזשיר;
פיראַטען שטורמען און פעלזען —
אַלעם בעזיעגסטו מיט איהר!

פאָרווערטס, פראָלעטאַריער!
דו האָסט נאָך טויזענדע פריינד!
מיט דיין אייזערנער האַנד אויף דעם רודער
וועסטו בעזיעגען דיין פיינד!

## צו די אַרבייטער פרויען.

ארבייטער פרויען ליידענדע פרויען!
פרויען, וואָס שמאַכטען אין הויז, אין פאבריק,
וואָס שטעהט איהר פון וויטען? וואָס העלפט איהר ניט בויען
דעם טעמפעל פון פרייהייט, פון מענשליכען גליק?

העלפט אונז טראָגען דעם באַנער דעם רויטען
פאָרווערטס, דורך שטורם, דורך פינסטערע נעכט!
העלפט אונז ווארהייט און ליכט צו פערברייטען
צווישען אונוויסענדע, עלענדע קנעכט!

העלפט אונז די וועלט פון איהר שמוץ ערהויבען!
אלעם אָפּפערען, וואָס אונז איז ליעב;
קעמפּפען צוזאַמען, ווי מעכטיגע לויבען
פיר פרייהייט, פיר גלייכהייט, פיר אונזער פּרינציפּ!

ניט איין מאָל האָבען שוין נאָבעלע פרויען
געמאַכט ציטערען היינקער און טהראָן:
זיי האָבען געצייגט, אז מען קען זיי פערטרויען
אין ביטערסטען שטורם די הייליגע פאָהן.

דערמאָנט זיך אָן אייערע רוסישע שוועסטער,
ערמאָרדעט פיר פרייהייט פון צאַר, דעם וואַמפּיר,
פערמאַטערט ביז טוידט אין די שטיינערנע נעסטער,
פערגראָבען אין שנייי פון דעם וויסטען סיביר.

געדענקט איהר די נעמען, די הייליגע נעמען:
פעראָווסקאיאַ, העלפמאַן, גינזבורג און נאָך
טויזענדע, וואָס פלעגען זיך שעמען
צו טראָגען געהאָרכזאָם דעם שקלאַפּעניאָך?

זיי זיינען אין שטורם זאָ העלדיש געשטאַנען,
געטראָגען אין פינסטערנים האָפנונג און ליכט,
ראַכע גענומען פון ווילדע טיראַנען,
שטאָלץ געקוקט דעם טוידט אין געזיכט!

געדיינקט איהר זיי? דאַן זאָל זייער לעבען
בעגייסטערען אייך! איהר זאָלט מיט ערפאָלג
לערנען און דענקען, קעמפּפען און שטרעבען
צו פרייהייט און גליק פיר דאָס אַרבייטער־פאָלק!

---

## זינג מיט לוסט!

איך זאָל האָבען הונדערט קעפּ,
וואָלט איך אַלע אָבגעגעבען

פיר מיין גרויסען אידעאל,
ווייל אָהן איהם וואָס איז דער לעבען?

הייסט דאָס לעבען? אימער זעהן,
ווי עס וועלקען ארום דיר
יונגע בלומען און עס פליסען
הייסע טרערען אָהן א שיעור!

הייסט דאָס לעבען פיר א שווינדלער
שווייגענד איינבויגען דעם קאָפּ,
קלייבען ברעקלעך, וואָס ער וואַרפט דיר,
ווי א הונד פון טיש אראָפּ?

גוט איז דעם, וואָס קען ניט לעזען,
אויף די מענשליכע געזיכטער, —
גוט איז דעם, וואָס איז קיין דענקער —
גוט איז דעם, וואָס איז קיין דיכטער.

גוט איז דעם, וואָס האָט אין הערצען
אַלעם מענשליכעס פערלאָשען;
מעג די וועלט אין טרערען שווימען,
ער וועט ציילען זיינע גראָשען....

אָבער דער וואָס וויים צו לעזען
ניט נור ביכער און ראָמאַנען,
דער וואָס קען אויך לעזען הערצער,
וואָס פערבלוטען פון טיראַנען —

אויף די מראָמאָר ווייסע וואַנגען,
אין די אויגען וואָס זינד פייכט —
קענט איהר אונזער וועלט ערלערנען
בעסער ווי פון בוך פיל לייכט.

קוקט זיך צו צו די געזיכטער,
צו די טרויעריגע בלאַסע,
פון די היימלאָזע בערויבטע
קינדער דער פערשקלאַפטער מאַססע!

וואָס פיר שמערצען! וואָס פיר ליידען!
זיי צורייסען מיר מיין ברוסט!
און איך קוק מיט ווילדען צאָר'ן,
ווען מען זאָגט מיר: "זינגט מיט לוסט„.

"זינגט מיט לוסט?„ אָ, דומע שקלאַפען!
רופט די טענצער! די פּאַיאַצען!
און זיי וועלען אַמוזירען
אייך מיט פויקען און מיט טאַצען!

אָבער ווייסט אַז אויך פּאַיאַצען
לאַכען יעצט דורך הייסע טרערען,
און דער הונגעריגער טענצער
טאַנצט מיט פלוך פיר זאַטע הערען.

פרייד איז יעצט ניטאָ ביי קיינעם;
יעדען איינעם איז יעצט שלעכט;
פון די גלענצענדע באַנקירער
ביז די אונטערדריקטע קנעכט, —

ווייל דער רייכער ווייס זיין ענדע;
דאָס פון בערויבטען פאָלק
פון פארבלוטיגטע געשפענסטער
ווערט ער טאָג און נאַכט פערפאָלגט.

און די אָרעמע — זיי ליידען,
ווייל זיי האַבען קיין פערשטאַנד.

אום צו רייכען זיך ווי ברידער
אין דעם פרייהייטס־קאַמפּף די האַנד. —

זאָגט, וואָס איז אַ דוצענד שווינדלער
געגען זאָ פיעל אַרבייטס לייט!
נור א ביסל מוטה און אחדות
און מיר וועלען זיין בעפרייט!

דאָך געניג.... עס איז זאָ קלעגליך
רופט די טענצער, די פּאיאַצען!
און זיי וועלען פאר אייך שפּרינגען
מיט די פויקען, מיט די טאצען!

אָבער ווייסט, אז אויך פּאיאַצען
לאַכען יעצט דורך הייסע טרערען
און דער הונגעריגער טענצער
טאַנצט מיט פלוך פיר די זאַטע הערךן.

## סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ.

דאָס וואר א פרוי! זעלטען זיינען פרויען
זאָ שטאָלץ, זאָ עדעל, זאָ גייסטיג וואונדערשעהן,
זי וואר בערופען דעם פרייהייטס־טעמפעל בויען,
און מיט איהר בלוט האָט זי געפּאַרבט זיין שטיין.

דאָס וואר א פרוי! דרייסטער פון א מאַן
האָט זי געקעמפט פיר פרייהייט און רעכט!
זי האָט געהאַמערט די טרונע פאַר'ן טיראַן
און האָט געריסען די קייטען פון די קנעכט!

איהר פאָטער האָט זיין שיינעם קינד ערצויגען
צווישען רייכטהום, בלומען און מוזיק;

איהר יוגענד, ווי אַ העלער רעגענבויגען,
האָט געשיינט מיט ליעבע און מיט גליק.

עס פלעגען שטונדען, ווי זיסע שטראָמען, פליעסען
אין פרייד, אויף בעלער, ביז אַ נייער טאָג
האָט זי ערוועקט פון איהר חלום זיסען,
ווי דער קלאַנג פון אַ שטורם־גלאָק!

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, און מיט ווילדען צאָרען
אָראָבגעריסען פון קאָפּ איהר בלומענקרוין;
טרייהייט האָט זי דעם אָרימען פאָלק געשוואָרען —
קעמפּפען, לעבען, נור פיר איהם אליין!

זי האָט פערלאָזען די וועלט פון רייכע גראַבען,
אין פראָסטע לאַפּטשעס און אַ סאַראַפאַן
איז זי אַוועק צו אונטערדריקטע שקלאַפען,
פרעדיגען האַס צו דעם טיראַן.

זי איז אַוועק צו די, וואָס זייען, שניידען
פיר אונז דאָס ברויט מיט זייער שווייס און בלוט
און אליין נור קעלט און הונגער ליידען,
און שטעהען פיר דעם רויבער אָהן אַ הוט.

צו זיי האָט זי געבראַכט די פרייהייטס־לעהרע
און האָט מיט טרערן דערלאַנגט דעם פאָלק איהר האַנד,
זי האָט אין איהם געוועקט זיין מענשענעהרע,
גערופען איהם צום קאַמפּף, צום ווידערשטאַנד!

אַוועק זינד די יאָהרען, און זי האָט פערשטאַנען,
אַז דאָס וואָרט איז שוואַך, עס האָט קיין ווערטה
אין דעם קאַמפּף מיט הערצלאָזע טיראַנען!
און זי נעהמט אין האַנד די פרייהייטס־שווערד!

זי קעמפפט און גראָבט אַ טיעפען שוואַרצען קבר
פיר דעם טיראַן אין גאָלדענעם פּאַלאַסט. —
ווער האָט, ווי זי, די טיראַניי געהאַסט
מיט יעדען טראָפּפען בלוט, מיט יעדען אָבר?

...................................

אַם ענדע איז דער ראַכעטאָג געקומען,
פּעראָווסקאַיאַ הייבט אויף איהר ווייסע טוך...
אַ באָמבע דונערט... און אין בלוט פערשוואומען,
שטירצט דער טיראַן, פאַלט מיט אַ ווילדען פלוך!

———

זי וואַר דערוואָרגען פון געקרוינטע הענקער —
דאָך איהר גייסט לעבט און ווירקט נאָך יעצט.
פון הערצער איידעלע און פון פרייע דענקער
געליבט, געאַכטעט, בעוואונדערט און געשעצט.

זי שוועבט פאַר מיר, די געטין וואונדערשעהענע
בעצויבערענד, ענטשלאָסען, מילד און דרייסט,
און זי ערפילט מיין האַרץ מיט פּערעל ריינע,
און בעפליגעלט מיין פערשקלאַפטען גייסט!

איך הער איהר שטימע: „עס שרעקט מיך ניט דער הוינגען,
ליעבע מוטער! מיט מיין טוידט אַצינד
וועל איך מעהר דער פרייהייט נוטצען ברייגנען,
ווי מיט מיין לעבען. פאַרגיב דיין אָרעמען קינד!“

אָה, זיסע ווערטער! אָה, הייליגעס געזיכט!
לאָז יעדער מענש דיך אין זיין האַרץ פערשליסען
און, ווי אַ פריהלינגס־זון, וועסטו זיין וועג בעגיעסען
מיט בלומענדופט און וואונדערבאַרעם ליכט!

# צו מיין שוועסטער.

שוועסטער מיינע, גענוג שוין דיר זאָרגען
נישט עווינ וועט פינסטער זיין;
עס מוז דאָך קומען דער ליכטיגער מאָרגען
דער הייליגער זאָננענשיין.

לאָז רוישען דעם שטורם... מיט זיין ווילדען כעס
קען ער דעם שוועכלינג ערשרעקען,
דאָך אין אונז דאַרף ער נור האַס,
נור מוטה צום קאַמפף ערוועקען!

ליעבע שוועסטער! איך וויים עס איז שווער
אונזער האַרצען וויינען פערוועהרן,
דאָך זעה אַליין, ווי קליין איז דיין טרער
געגען ים פון מענשליכע טרערן!

זאָלען מיר דען ווי קינדער קלאָגען
אויף דעם, וואָס מיר לעבען שלעכט,
און ביז'ן קבר די קייטען טראָגען,
ווי שוואַכע געהאָרכזאַמע קנעכט!

אָ, ניין! איך וויים, אין דיר בליצט שוין דער פייער,
וואָס פלאַקערט זאָ פריי אין מיין הערץ;
אויך דיר איז די פרייהייט הייליג און טייער,
דו פערגעסט צוליעב איהר דיינע שמערץ.

צוזאַמען מיט מיר וועסטו גיין אין שטורם
אין קאַמפף געגען טיראַניי!
און העלפען צוברעכען דעם אייזערנעם טורם
פון פינסטערנים און שקלאַפעריי!

דו וועסט ניט פערקויפען דיין יוגענד, דיין לעבען
פיר בעלער, שמאַטעס און געלד;
דו וועסט זיך ווידמען דעם הייליגען שטרעבען —
בעפרייען די ליידענדע וועלט.

דו וועסט לערנען פריי די ברענענדע פראַגע,
וואָס ווערט „ארבייטער פראַגע" גענאַנט;
דו וועסט דאַן בעגרייפען די שרעקליכע לאַגע
פון דעם פאָלק אין יעדען לאַנד.

דו וועסט פערשטעהן פון וואַנען די לאָרדען
האָבען גענומען דאָס רעכט
פערנעהמען דאָס לאַנד, מיט צוואַנגס־ארבייט, מאָרדען
טויזענדע אָרימע קנעכט!

דו וועסט דאַן געהן צו די ליידענדע שוועסטער
אין דער וועלט פון שווינדזוכט און נויט,
אין ארבייטס־הייזער, אין די פינסטערע נעסטער,
וואו דער לעבען איז ביטער ווי טוידט!

דו וועסט מיט דעם פייער פון אַ ליעבענדען הערץ
אַ נייע וועלט פיר זיי ענטדעקען;
און דאָרט, וואו עס וואָהנט נור פערצווייפלונג און שמערץ
אַ הייליגע האָפנונג ערוועקען.

דו וועסט פון זיי בילדען נייע רעקרוטען
פיר'ן קעמפפענדען פרייהייטס־פאָלק;
וועסט לערנען זיי דענקען, קעמפפען און בלוטען
פיר דאָס פערשקלאַפטע פאָלק.

און דאַן, ליעבע שוועסטער וועסטו ניט זאָרגען
וועסט ארבייטען העלפען דער צייט —

ברענגען אם שנעלסטען דעם ליכטיגען מאָרגען,
ווען אַלעס וועט ווערען בעפרייט!

נור דאָס פאָלק וועט דיר זיין הייליג און טייער,
אין איהם דיין לעבען, דיין גליק,
און שטאָלץ וועסטו שטעהן אין שטורם און פייער
פון דעם הייליגען פרייהייטס־קריעג!

און ווען דער טאָג דער פרייהייט וועט קומען,
וועט יעדער פּראָלעטאַריאַט
דיך קרוינגען אין הערצען מיט גייסטיגע בלומען
און בעזינגען דיין העלדענטהאַט!

# דער פאַל פון דער באַסטיליע.

הערט ווי עס דונערט, עס שטורמט און קראַכט —
דאָס פאַלט די באַסטיליע — די שרעקליכע מאַכט
פון פראַנקרייך געקרוינטע באַנדיטען.
דאָס פאַלט די באַסטיליע, די בלוטיגע ווענט,
וואו יעדער שטיין איז אַ׳ן עדות, אַ וועלט מאָנומענט
פאַר די׳ וואָס האָבען פאַר פרייהייט געליטען.

אין ווילדער פערצווייפלונג, אין בלוט און אין פלאַמען
שטעהען די ליידענדע שקלאַפען צוזאַמען
די קינדער פון הונגער און נויט.
זיי ברעכען דעם טהראָן פון די הערשענדע הענקער
דעם פינסטערען קערקער פון מענשליכע דענקער —
דעם גיהנם פון שרעקען און טוידט.
עס האָט שוין געשלאָגען די שטונדע פון ראַכע,
ווען שוואַך זינד די שטאַרקע און שטאַרק זינד די שוואַכע

אין זייער גערעכטיגען צאָרן.
עס פאַלט די באַסטיליע, עס שטורמט און קראַכט:
דאָס פאָלק האָט ערקענט זיין געוואַלטיגע מאַכט.
טיראַנען, איהר זייט יעצט פערלאָרען!

איהר קענט מעהר ניט שיסען אין פאָלק מיט קאַנאָנען,
און זיצען זיך רוהיק אין גאָלדענע טהראָנען
און טרינקען דאָס בלוט פון דעם פאָלק.
איהר מוזט פון די רייכע פּאַלאַסטען אַנטלויפען;
פאַר געלד וועט איהר יעצט מעהר קיין שקלאַפען ניט קויפען.
שווינדלער האָבען דאָ מעהר קיין ערפאָלג!

עס ליגט אין רואינען דער פינסטערער טורם —
יעצט הויבט זיך אויף אַ געוואַלדיגער שטורם
אויף דער שווארצער באַסטיליע דער וועלט!
דאָרט, וואו אַ ברודער ערמאָרדעט דעם צווייטען,
דריקט איהם, בערויבט איהם און שליסט איהם אין קייטען,
פערקויפט איהם פאַר לוקסוס און געלט.

און די הייליגסטע פפליכט פון מענשליכע פפליכטען —
אָה, פאָלק! — איז צוברעכען, פערברענען, פערניכטען
דיזע שוואַרצע באַסטיליע דער ערד!
ערוועק דאָך דיין גייסט, דיין קראַפט, דיין צאָרן
דער מענש איז פיר ליעבע, פיר פרייהייט געבאָרן —

פאָרוועהרטס מיט פלאַם און מיט שווערד
פאָרוועהרטס אין קאַמפף מיט געוואַלטיגען שטורם,
שטירצט די באַסטיליע פון געוואַלדיגען טורם,
לאָז פרייהייט בעלייכטען די ערד!

---

## מערץ-בילדער.

פון שרעקליכען קאַמפף, פון בלוטיגען קריעג
איז רויט דער מאָנאַט מערץ.

א בלוטיגער פאַל, א בלוטיגער זיעג —
עס בלוטעט דאָס מענשליכע הערץ.

פראַנקרייך! דו שיינעס, דו פלאַמענדעס הערץ
פון אַלע רעוואָלוציאָנען!
מיט דיין מוטה איז געקרוינט דער מאָנאַט מערץ —
ער הילכט מיט דיינע קאַנאָנען.

פאַריזער קאָמונע! דיין געטליכעס בילד
רופט פיר די טויטע נאָך ראַכע;
און זינד די טיראַנען נאָך זאָ ווילד,
דאָך לעבט דיין הייליגע זאַכע!

עס לעבט דיין פייער, דיין הייליגער גייסט
פיר נייע בליהענדע דורות,
צושמעטערט די קערקערס, די קייטען צורייסט
און ברענגט אונז ערקוויקענדע פירות.

און עס וועט נאָך קומען אַ געוואַלטיגער מערץ —
די מענשהייט קען איהם ניט פערמיידען,
ווען דאָס בעפרייטע, דאָס מענשליכע הערץ
בעצאָהלט פיר זיין עוויגעס ליידען.

עס פאַלען נאָך פיעלע, פיעלע קרבנות
אין קאַמפף פאַר פרייהייט און רעכט:
און זאָ ווי דער הערשער האָט יעצט קיין **ר ח מ נ ו ת**,
וועט אויך איהם ניט וויסען דער קנעכט!

דאָך וועט אַם ענדע גערעכטיגקייט זיעגען;
פערגעסען ווערט פולווער און בליי;
פערגעסען די בלוטיגע, שענדליכע קריעגען
דער מענש וועט זיין **מ ע נ ש ל י ך** און **פריי**...

# דער ערשטער מערץ.

רוסלאַנד ! אונגליקליכעס, פינסטערעס לאַנד
פון עוויגען טרויער און שמערץ !
דעם טיראַן האָט געשטירצט דיין מעכטיגע האַנד
אין דעם רויטען מאָנאַט מערץ !

מיט אַ שענדליכען טויט איז געפאַלען דיין הענקער,
און די ירושה צום זאָהן
וואַר מאָרד פיר פרייע קעמפּפער און דענקער,
פיר אַלע פיינדע פון בלוטיגען טהראָן.

רוסישע קעמפּפער פיר ליעבע און פרייהייט !
ווער האָט אין קאַמפּף פיר זיין פאָלק
געצייגט זאָפיעל אייזערנעם מוטה, זאָפיעל טרייהייט,
ווער וואַר זאָ געקיילעט און פערפאָלגט !

זייער בלוט ווערט געטרונקען פון יעדען וואַמפּיר :
מען פערשטיקט זייער וואָרט און געשריי
אין שוואַרצען קערקער, אין וויסטען סיביר,
געמאַטערט, בעגראָבען אין שניי...

דאָך פרייהייט פערניכטען מיט דעם עשאַפאָט
איז, טיראַנען ! אַ ביטערער טעות —
עס קלאַפּט שוין אין טהיר צום צאַר־אידיאָט
דער בלוטיגער מלאך המות !

און ניט עוויג בלייבט רוסלאַנד אָהן פרייהייט און רעכט.
די מענשהייט וועט נאָך זעהן
ווי עס בעפרייט זיך דער רוסישער קנעכט
און די פרייע פאָהנע וועהען !

ברידער און שוועסטער! דעם דיכטערס פערלאנגען
איז אַ שעהנער אַ בליהענדער מערץ;
אָהן בלוטיגען קאַמפף מיט די זיסע געזאַנגען,
וואָס ערפרעהען דאָס מענשליכע הערץ!

אַ בליהענדער מערץ מיט ליעבע און פריעדען,
מיט בלומען און זאָנענשיין,
וואו אַלע מענשען גליקליך, צופריעדען
אַ פרייע פאַמיליע זיין...

## דער אבענד גלאָק.

(פריי נאָך נאַדסאָן)

אַח, מוזע, רוף מיך ניט! מיט דיינע צויבער־פינגער
וועק ניט די סטרונעס פון מיין קראַנקעס הערץ! —
פער׳משפט איז צום טויט דיין בלאַסער זינגער,
צו ענדע איז דאָס ליעד פון קאַמפף און שמערץ!

זיין וועג וואר זעהר שווער. ער האָט אויף איהם בעגעגענט
דערנער, שטיינער, פערליימדונג, הונגער, קעלט.—
עס האָט געבליצט, געדונערט און גערעגענט —
און ער האָט אַבדאַכלאָז געוואַנדערט אויף דער וועלט.

יעצט קלאַפּט דער טויט איז אין זיין לעבענס-קאַמער
ער זאָגט: צו ענדע איז דיין ארבייטס־טאָג!
פאַרלעש דיין פייער, לייג אַוועק דיין האַממער!
קום! דו הערסט?... עס קלינגט דער אַבענד־גלאָק!

עס קלינגט דער אַבענד־גלאָק! יאַ, איך הער איהם קלינגען,
מיין טאָדעס־אורטהייל הער איך אין זיין קלאַנג.—

און לעבען ווילל'ט זיך... עס ווייללט זיך טרוימען, זינגען,
קעמפּפען געגען יעדען שקלאַפּענצוואַנג!...

איך וואָלט געוואָלט, אָה, פאָלק! דיין רויטען זעגעל
נאָך מאַכען רויטער מיט מיין הערצענס־בלוט...
און, ווי אַ לייב מיט זיינע שאַרפע נעגעל,
דיין פיינד בעקעמפּפען מיט שטאָלצען העלדענ־מוטה!

דאָך, וואָס נוטצען די היילינסטע פערלאַנגען!
צו ענדע איז מיין לעבענסטאָג! —
צו ענדע — טרוימען, טרערן און געזאַנגען,
עס רופט דער טויט, עס שלאָגט דער אבענד־גלאָק.

# אויפ'ן שלאַכטפעלד.

עס שרעקען מיר ניט מיינע טרערען און וואונדען,
איך שטעה פון קינדהייט און שטורמווינד.
דאָן, שיקזאַל, דו האָסט מיר די הענד געבונדען,
דו האָסט מיר בארויבט מיין פעדער אַצינד.

דו האָסט מיר מיין איינציגע וואַפע ענטריסען,
און ווי אַ פערוואונדעטער זעלנער אין פעלד,
ליג איך איצט עלענד, איך זעה מיין בלוט פליסען
שטיל אויף מיין קלטע, צובראָכענע שווערד.

איך ליג און הער, ווי די וואפען קלינגען,
עס שוועבען די פאָהנען אין בלוטיגען קאַמפּף;
מיין הארץ רייסט זיך, אָה! ווער קען מיר צווינגען,
ניט ווארפען זיך אויף דאָס ניי אין קאַמפּף!

אַח, ניין! איך מוז זיך ווידער שטעלען
אויף מיין אַלטען פּאָסט און מיט'ן שווערד אין האַנד
בעגייסטערען די רויטע רעבעלען
צום בלוטיגען קריג געגען שקלאַפּען־שאַנד!

## נאַטור און מענש.

ווי זאָל איך, ברידער, פרעהליך זינגען,
ווען האַס און קריג איז איבעראַל?
עס שיינט מיר, אַז דער מאָנד און שטערן,
אויך אין דעם ליד דער נאַכטיגאַל!

עס שיינט מיר, אַז דער מאָנד און שטערן,
די זילבער־ווייסע ליליענבלום
זיינ'ן פול מיט הייסע מענשענטרערען
און זיינ'ן פון שרעקען בלאַס און שטום...

ווען מענשען ליידען, קלאַגען, זאָרגען,
קען די נאַטור דען פרעהליך זיין?
ניין, טרערען בלוטיגע פאַרבאָרגען
זיינ'ן אין איהר רויטען זונענשיין!

זי זעהט, ווי איהרע מענשענקינדער
האָבען פערוויסט די שעהנע וועלט,
און איהרע ליבלינגע ווי רינדער
ווערען געשעכט, פאַרקויפט פאַר געלד...

און די נאַטור גיסט פערעלטערען
און מיט איהר ווייגט דער בלומענטאַל;
עס ווייגען זאַהנע, מאָנד און שטערן,
און טרויעריג קלאַגט די נאַכטיגאַל...

עס קלינגען אָב די שמערצען-לידער
אין ברוסט פון ליידענדען פאָעט,
און פאַר דער מענשהייט קניעט ער נידער
מיט הייסע טרערען און געבעט.

אָה, מענש! פאַר ליעבע, גליק און לעבען
איז די נאַטור, די וועלט געשאַפט;
דיר איז אַ פרייע ערד געגעבען —
דאָך איצט איז ערד און מענש פאַרשקלאַפט!

ווער זיינע ברידער קען פערשקלאַפען,
פערגיסען בלוט — דער איז אַ העלד.
און דיזע הענקער זיינ'ן די גראַפען,
מאָנאַרכען, קעניגע דער וועלט!

עס גיט אויך פרייע רעפובליקען,
וואָס זיינען בלויז פריי אויף דעם פּאַפּיר.
און פול מיט קנעכט זיינ'ן דאָרט פאַבריקען,
און יעדער הערשער אַ וואַמפּיר.

איך רוף צו אייך, פאַרשקלאַפטע ברידער,
וואַכט אויף! פאַראייניגט מוטה און קראַפט
און שטירצט די ווילדע הערשער נידער,
דאַן לעבט און ליעבט, געניסט און שאַפט!

און די נאַטור וועט פרעהליך זינגען,
פריי אָטעמט אויף דעם דיכטערס ברוסט,
און זיינע לידער וועלען קלינגען
מיט פרייע ליעבע, גליק און לוסט!

# דער „מיינער“.

קוילענגרעבער

ווען איהר וואַרמט זיך, ברידער, ביי דעם פרעהליכען פייער
פערטהיידיגט פון רעגען און ווינד,
צו דענקט איהר אַ מאָל, ווי שרעקליך טהייער
עס קאָסט יעדער קייל אונז אַצינד?

צו דענקט איהר אַ מאָל, אַז מיר צאָהלען צו גוט?
איהר זעהט דיעזע גליהענדע אַשעס? —
זיי זיינען געפאַרבט מיט מענשליכע בלוט
פון טויזנדער יונגע נפשות!

דער פייער פלאַקערט פרעהליך און שעהן,
דאָך ביטערט אין מיר יעדער אבר,
איך וויים, יעדער קייל איז אַ מצבה־שטיין
פון אַ'ן ערמאָרדעטען „מיינער'ס“ קבר.

דאָך ניין, דאָס זיינען קיינ' טויטע שטיינער,
דאָס ברענט אַ בלוטיגער באַרג
פון ארבייטער־ביינער, אָרימע ביינער —
די קיילענגרוב וואַר זייער זאַרג!

ברידער, קענט איהר דאָס שרעקליכע לעבען
פון אַ פערשקלאַפּטען „מיינער“?
זאָגט, צו קען אין דער וועלט נאָך געבען
אַ פינסט'רער שיקזאַל ווי זיינער?!

ער ארבייט פון קינדהייט אין דר'ערד בעגראָבען
פאַר'ן קאָרגען שטיקעלע ברויט,
און דאָס קען ער אויך נישט איממער האָבען,
און ליידט נאָך הונגער און נויט!

מיט זיין אייגענעם קינד איז ער ווייניג בעקאַנט:
פאַרטאָג נאָך פערלאָזט ער זיין שטוב,
און אײלט צו דער ארבייט, צו דער שקלאַפען שאַנד,
אין דער קאַלטער, פינסטערער גרוב!

ער ארבייט און ארבייט אין זיין דונקלען געצעלט
פאַר די רייכע אייזענבאַהנען,
פאַר אַלע דענקער און קינסטלער דער וועלט,
פאַר אַלע זאַטע טיראַנען!

ער ארבייט זיין לעבען אין שרעק און געפאַהר
לעבענדיגערהייט זיין פערשאָטען...
און וואָס איז זיין לאָהן? ער ווערט דערפאַר
גערויבט! מיט די פיס געטראָטען!!

קיילען־באַראָנען, רויבער באַנדע!
איהר שעכט און בלייבט גערעכט...
אויב איהר זייט מענשען, איז אַ שאַנדע
בעלאַנגען צום מענשען־געשלעכט

דאַן שטעהן די ווילדע טיערע פיעל העכער
אין הומאַניטעט ווי איהר:
אַ טיער איז ניעמאַלס אַ פערברעכער
געגען זיין ברודער־טיער.

איין לייב וועט דעם צווייטען לייב ניט טויטען,
און מענשען — קרוין דער נאַטור —
מענשען פרעסען איינער דעם צווייטען,
ביז עס בלייבט פון זיי קיין שפור!

ווען איהר וואַרמט זיך, ברידער, ביי אַ פרעהליכען פייער,
פערטהיידיגט פון רעגען און ווינד,

דענקט פון דעם „מיינער“! דענקט, ווי טייער
עס קאָסט יעדער קויל אונז אַצינד!

דענקט פון דעם „מיינער“, פון זיין פרוי און קינד,
פערשקלאַפט ביי די גאָלדענע געטער,
זעהט, ווי זיי ווערען ערמאָרדעט ווי הינד,
און האָבען קיין פריינד און קיין רעטער!

און ווען איהר האָט נור אַ ביסעלע מוטה,
וואַכט אויף, גרייפט צו די וואַפען,
און מיט אייער הערץ און בלוט
פערטיידיגט די ליידענדע שקלאַפען!

---

## דער אידישער פּראָלעטאַר.

(געזונגען מיט'ן מאָטיוו פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער ליעד:
„מי זשערטוואַי פאלי..“)

ברידער, מיר טראָגען אַ דרייפאַכע קייט —
אַלס אידען, אַלס שקלאַפען, אַלס דענקער;
מיר ווערען געיאָגט און געמאַטערט צום טויט
פון אַנטיסעמיטען און הענקער!

די בלומעלעך יונגע, וואָס פאַנגען ערשט אָן
צו לאָזען די איידעלע קוויטען,
ווערען צוטראָטען פון געלדזעק און טהראָן,
פערמאַטערט אין שקלאַפען־קייטען!

מען מאַכט אונז פאַר בעטלער, מען מאַכט אונז פאַר קנעכט,
מען ווערגט אונז, מען בויגט אונז אין הרייען;
מען זאָגט אונז: אלעס דאַרף זיין פאַר אייך רעכט,
און רויבט מען אייך — טאָרט איהר ניט שרייען!

דאָך, ברידער, עס לעבט נאָך דער הייליגער גייסט,
וואָס מאַכט פּאַר א העלד אויך דעם שלאָפען;
וואָס וואַרפט אום די קערקערס, די קייטען צורייסט
און בעפרייט די פערמאַטערטע שקלאפען!

ער וועט אונז העלפען פון דרייפאַכען פלוך
די אַרבייטערמאַסע ערלעזען;
נור דאן וועט די מענשהייט איהר טאַגעבוך
אָהן טרערען, אָהן שאַנד קענען לעזען!

ברידער, מיר מוזען די ליידענדע ערד
פון קייטען, פון טרערען בעפרייען!
שולטער אָן שולטער, מיט פּאנצער און שווערד,
פאָרווערטס אין די קעמפפענדע רייהען!

וואָס שווערער דער קריעג, דאָס זיסער דער זיעג,
דאָס פראַכטפאָלער זיינען די פּירות!
און ווער עס פאלט אין פרייהייטס־קריעג,
דער לעבט אין די קומענדע דורות;

וואָס טויג אונז דאָס לעבען אָהן פרייהייט, אָהן רעכט
אונטער'ן בייטש פון טיראַנען!
ביז וואנען וועלע מיר בלייבען נאָך קנעכט,
היימלאָזע שקלאַפען — ביז וואנען? !

ברידער, שווערט די פערבלוטיגטע ערד,
דאָס פאָלק פון טיראַנען בעפרייען!
שולטער אָן שולטער, מיט פּאַנצער און שווערד,
פאָרווערטס אין די קעמפפענדע רייהען!

---

## די מאַרטירער.

עס פלאַטערען ווידער די בלוט־רויטע פאָהנען:
עס קלינגט דער פרייהייטס הייליגע שטים;

נאָך אַמאָל וועט מען דעם פאָלק דערמאָנען
די קעמפפער, וואָס לעבען און שטערבען פאַר איהם!

אין דער וועלט-געשיכטע וועלען מיר וויעדער
אויפמישען די מאַרטירער-בלאַט,
וואָס איז פריש נאָך מיט בלוט פון אונזערע ברידער,
ערמאָרדערט פון געלדזאַק, קירכע און שטאַאט!

די גייסטער פערבלוטיגטע וועלען שוועבען
אויף דער פאָלקס־טריבונע צווישען ליידענדע קנעכט;
און וועלען אונז מוטה אונבעזיעגבאַרען געבען
צו לעבען און שטערבען פאַר פרייהייט און רעכט!

זיי וועלען ערמאָנערען אונז די צואה,
וואָס זיי האָבען דעם אַרבייטער־פאָלק געלאָזט:
„קעמפף פיר דיין פרייהייט! קיין שום חיה רעה
"דאַרף דיך ניט פערטרייבען פון הייליגען פאָסט!„

„ניט שרעק זיך פיר הענקער מיט זייער תליה!
„קעמפפט און קלינגט אין פרייהייטס־גלאָק!
„און זייט די אַלוועלטליכע שקלאַפען מודיע,
„אז עס דעמערט שוין דער בעפרייאונגס־טאָג.„

און אויף ביידע ברעגען פון גרויסען אַטלאַנט
וועלען די שקלאַפען פון אלע נאַציאָנען
זיך רייכען פריינדליך די ברודער־האַנד
און שווערען צו פערניכטען קייטען און טהראָנען....



א. ליעסין.

# צום קעמפפער.

עס ליארעמט און שטורעמט, עס יאמערט און שרייט,
עס שפארט זיך דער שונא פון יעטווידער זייט,
און ס׳פלאקערט דער בלוטיגער גרויזאמער שטרייט
ארום אין דער לייננ, אין דער ברייט.

און ס׳דריקט אונגעהויער די אונרעכט און שלעכטס,
און ס׳טראגט זיך אין לופטען א׳ן ענדלאזער קרעכץ,
און ס׳קלייבען זיך קרעפטען פון לינקס און פון רעכטס —
טא זיי זשע, מיין פריינד, זיי געגרייטן

דו גיב מיר דיין טרייע דיין מעכטיגע האנד,
און פעסט אין די רייהען געשלאסען ביינאנד
מיר וועלען זיך שטעלען, אזוי ווי א וואנד,
און קעמפפען אויף לעבען און טויט!

* * *

און וועט דיר גליקען, מיין פריינד, און דו וועסט
ארוים פון דעם שטרייט מיט׳ן לעבען,
דאן וועסטו דעם לעבען, ענטשלאסען און פעסט,
אלץ ווידער און ווידער אונז געבען.

ס׳וועט ווידער צום קאמפף אלץ זיך רייסען דיין הערץ
און שטאלץ דיינע פפליכטען דיר צייגען;
אך, דולדען אכזריות אזעלכע און שמערץ —
נור שטיינער, די קענען דא שווייגען!

* * *

און טאמער, מיין פריינד, וועסטו פאלען, און ס׳וועט
די ערד מיט דיין בלוט זיך בעפלעקען,
דאן וועלען די בלוטען איהר אנטרינקען פעט
און הערליך מיט בלומען פערדעקען.

עס וועלען דארט בליהען די הערליכסטע בלומען
און גוטע און עהרליכע מענשען.

זיי ווילען דערהערען דעם ריח, און קומען
און לויבען דיין נאָמען און בענשען.

## אַהין, אַהין...

אהין ערהויבט זיך הויך מיין זעלע,
ארויף צו יענעם שעהנעם לאנד,
וואו פריש און מעכטיג שלאָגט די קוועלע
פון העלסטען, לויטערסטען פערשטאַנד:

וואו לייכט און מונטער געהט דאָס לעבען,
און פריי און שטרעבענד איבעראל,
און שטאָלץ די הויכע גייסטער שוועבען,
אין שטראַהלען-שיין פון אידעאל:

וואו אימער פריהלינג בליהט די יוגענד
און אימער מאָרגען שטעהט די צייט,
און פול מיט העלדענמוטה און טוגענד,
און פול מיט ליעבע און מיט שטרייט:

וואו גרויס און הייליג איז דאָס פיהלען,
און גליקליך איז זאָגאר דער שמערץ,
און ס'וויים פון גרענצען ניט דער ווילען,
און ס'וויים פון אומעט ניט דאָס שמערץ.

## אַ פריהמאָרגען אין ניו-יאָרק.

אויף דעם וויסטען בלאַסען הימעל
כאַפּט זיך אויף דער קראַנקער מאָרגען,
און די גרויסע שטאָדט ריהרט אויף
אין דעם נעבעל גרוי פערבאָרגען.

איינגעהילט אין גרויען נעבעל
ריהרט זיך אויף דער לעבענס'תהום
און צוגיסט זיך אין די גאַסען
אין אַ כמורנעם מענשען־שטראָם.

כמורנע גיסט און גיסט מיט מענשען,
פוילע, געלע, ווי דער מאָרגען,
פון די טענ'מענטס * צו די שעפער **
אין דעם נעבעל גרוי פערבאָרגען,

גלייך אזוי קוקט אויך דער תוהו,
וואו די אלע מתים געהען
פון די קברים צו די גיהנם'ס
נאָך די בייזע חבוט-וועהען.

## די שאַפ - מיידעל.

אָך, קאַלט און בלאַס און וויסט
מיין יוגענד געהט אוועק —
אָהן שטערען מיר די נעכט,
אָהן זונען מיר די טעג.

אָך, ווי אַ פייגעלע,
ארויסגעיאָגט פון נעסט,
פערוואָגעלט אין דער פרעמד,
פערשפּאַרט אין שטייגעל פעסט.

אָך, ווי אַ בלעטעלע,
אראָבגעקלאַפּט פון בוים,
פון בייזען אָסיען ווינד,
פערשליידערט פון דער היים;

אָהן פרעהליכקייט און גליק,
אָהן וואַרימקייט און ליכט,
אָהן קיין שום נאָהענטען
און צערטליכען געזיכט.

אָך, עלענד, קאַלט און וויסט,
דאָס לעבען שלעפּט זיך פויל,

*טענעמענט — הויז.
**שאָפּ — האנדווערקעריי.

אָהן ליעבע און אָהן טרייסט,
דורך אומעט און פול דורך גרויל.

דורך מאַטערנים און שוויים,
דורך איינזאמקייט און פּיין,
און ביז אין גרויען צאַפּ,
און ביז אין גרוב אריין.

## אויפ׳ן ווייטען צפון.

אין לאַנד, וואו ס׳קייקעלט די לענאַ
איהר מעכטיגען וואַסער, דעם קאַלטען —
דאָרט שטעהט זיך אַ קליינינקע יורטאַ
אין אויביגע שנייען בעהאַלטען.

זי שטעהט זיך אַ שפּיעל פאַר׳ן שטורם,
פערוואָרפען אין מיטען דעם פעלד;
דאָרט שמאַכטעט אין שרעקליכען עלענד
דער קראַנקער, דער שטערבענדער העלד.

עס ציהט זיך אָהן ענדע דער ווינטער
אין ווילדער, אין העלישער מאַכט;
עס ציהט זיך אָהן ענדע דער חשך
די שווארצע, די אויביגע נאַכט.

עס ציהט זיך, עס ציהט זיך די גסיסה,
די שוואַרצע, די לאַנגע אָהן סוף,
און ס׳מאַטערט דעם בלאַסען מאַרטירער
אַ דריקענדער, פּיינליכער שלאָף.

און ס׳חלום׳ט זיך איהם פון א פריהלינג,
וואו בלוי איז דער הימעל־געצעלט;

דאָרט ווייט אין דער היימאַט, דער ווייטער —
דאָרט שיינט איצט די זונן אויף דער וועלט.

דאָרט שיינט זיך די זונן און זי וואַרעמט,
די ערד אין ערפרישטע ערוואַכט.
און ס'בליהען די בוימער, די בלומען
אין פולער, אין הערליכער פראַכט.

און מענשען שפּאַצירען אין דרויסען,
און ס'אָטעמט ערקוויקענד די ברוסט.
און ס'פייערט דאָס לעבען זיין יום טוב,
דעם יום־טוב פון ליעבע און לוסט.

נור איינע... זי זיצט דאָרט פון ווייטען,
פערזונקען אין בענגשאַפט און שמערץ,
און ס'נעהמט ניט אַנטהייל אין דער שמחה
איהר יונגע צובראָכענע הערץ.

זי זיצט און זי טראַכט פון דער לענא
פון דונקעלען צפון, פון קאַלטען;
דאָרט שטעהט זיך אַ קליינינקע יורטע
אין אייביגען שנייען בעהאַלטען.

זי שטעהט, זיך אַ שפּיעל פאַר'ן שטורם,
פערוואָרפען אין מיטען דעם פעלד;
דאָרט שמאַכטעט אין שרעקליכען עלענד
דער קראַנקער, דער שטערבענדער העלד.

---

## מאַרטירער - בלוט.

און ווען ער האָט די וועלט בעקלערט,
ווי פאַלש זי איז און שלעכט,

ווי אַלעס איז אין איהר פערקעהרט
און פינסטער און פערקנעכט, —
און ווען ער האָט די וועלט בעקלערט,
דאַן האָט עס אונגעזאַמט
זיין רוה געראַבט, זיין פריעד געשטערט,
זיין יוגענד איהם פער׳סם׳ט,
און סהאָט געדריקט איהם לאַנג און שווער,
און ס׳האָט פון איהם אַ מאָל
אַרויסגעריסען הייס אַ טרעהר,
אַ ריינע, ווי קריסטאַל.

—

און ווען ער האָט די שלעכטס דערקענט
איהר הערשאַפט ווילד און ווייט
דעם גרויסען העלדען-שטרייך
דאַן האָט זיין זעלע אויפגעברענט
ער שטרייט און פעכט מיט העלדענמוטת,
די שונאים לינקס און רעכטס
און ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט
און ביז דעם לעצטען קרעכץ.
עס הילכט דער קרעכץ, עס פאַלט דער העלד,
געענדיגט איז דער שטרייט,
ער ליעגט שוין קאַלט, שוין טויט אין פעלד
דער שווערד פערשליידערט ווייט.

—

און ס׳לאָזען זיך די הינד אַרויף,
מיט אימפּעט און מיט וואוטה,
אויף דעם מאַרטירערס טויטען גוף,
אויף דעם מאַרטירערס בלוט.
און ס׳טראָגט פאַנאַנדער ברייט און גרויס
דער בילען, דער געשריי,
פערטויבענדיג דאָס לאַנד דורכאויס,
און שוידערליך אַזוי.

עס הערט דאָס צו דאָס פאָלק אַרום,
און ס׳נעהמט איהם דורך אַ גרויל,
און בלייבט דערשראָקען, דול און שטום,
פערשטיקט אין דר׳ערד דעם מויל

—

און סדריקט ווי פריהער שווער דער יאָך,
און ס׳מאַטערט זיך און קוועלט,
און שווערער נאָך און וויסטער נאָך
דאָס לעבען אויף דער וועלט.
און ס׳געהט אַוועק אַ לאַנגע צייט,
און מיסט פערשיט דעם פעלד,
וואו ס׳האָט געפלאַקערט היים דער שטרייט,
געפאַלען איז דער העלד.
און ס׳געהט אַוועק אַ לאַנגע צייט,
און ראָסט עסט אויף דעם שווערד;
און ס׳דוכט זיך, ס׳בלייבט ניט מעהר פון שטרייט
קיין זכר אויף דער ערד.

* * *

נור ניין, אָך, עס קען ניט, עס געהט ניט פערלאָרען
איין איינציגער טראָפען פון הייליגען בלוט,
וואָס איז אַזוי איידעל געאָפּפערט געוואָרען
פאַר ווארהייט און רעכט, אין די בליהענדע יאָהרען,
מיט ליעבע און פייער און העלדישען מוטה.
ער געהט ניט קיין איינציגער טראָפען פערלאָרען,
עס האָט איהם די גאַנצע נאַטור ווי געשוואָרען,
דער זומער, דער רעגען, דער ווינד און דער שטראהל,
זיי זאָלען אין אַלערליי צייטען איהם היטען,
איהם זאָל ניט פערשווינקען פערשטויבען, פערשיטען,
איהם זאָל ניט פערשלינגען די ערד איבעראל.

---

עס בייט נאָכאַנאַנד די נאַטור זיך און בייט,
עס דאַרבט און עס שטאַרבט אַלץ פון לינקס און פון רעכטס:

ער איינער נור בלייבט אַלײן, און שוואַך איז די צייט,
און שוואַך געגען איהם זיינען בייזהייט און שלעכטס.
און העל: ווי דער גייסט, וואָס מאַרטירער בעזעעלט
און ריין, ווי דער טרער אויפ'ן שמערץ פון דער וועלט
און היים ווי די ברענענדע יוגענד אַליין
דורך רעש און שטורם, דורך חרמות און גזרות,
דורך קייטעז מיט צרות, דורך ציילען מיט דורות,
ער שלינגעלט און ציהט זיך און קען ניט פערגעהן.

* * *

עס הערשט אַ טיעפע נאַכט ארום,
בעלויכטען נור פון גאָלד
בעלויכטען פאַלש, בעלויכטען דום:
בעלויכטען פאַר געצאָהלט.

—

עס ליעגט דער טראָפען אויף דער ערד,
אין שאָטען איבעראל,
עס זעהט דאָ זעלטען-ווער זיין ווערטה,
עס פאַלט אויף איהם קיין שטראהל.

—

דאָך, ווען די זונן וועט אויפגעהן העל
אויך איבער אונזער לאנד,
וועט ווערען דאַן פון טראָפען שנעל
אַ ליכטיגער בריליאַנט.

—

וואו שפּיעלען וועט זיך צויבערהאַפט,
אין פאַרבען רייך און פיין,
אַ וועלט מיט פראַכט, אַ וועלט מיט קראַפט,
אַ וועלט מיט מאַרטער-שיין.

—

און מענשען וועלען דענסטמאָל געהן
זיך וואַרמען פאַר דעם שיין,

וואָס וועט בלוטען הימליש ריין,
הימליש-שטראַהלענד זיין.

—

מ׳וועט געהן צו איהם פון יעדער זייט
מיט ליוב און דאַנק-געזאַנג,
און לויכטען וועט זיין ביישפּיעל ווייט,
דורך דורות-דורות לאַנג.

## צום נייעם יאָהר.

אויב די נאַכט איז אַרום
אַזוי פינסטער און שטום,
אַזוי וויסט, אַזוי נאַס, אַזוי קאַלט,
און די פרעהליכע וועלט,
אין דעם וואָלקען פערשטעלט,
קוקט אַרויס אַזוי מיאוס און אַלט,
און עס פוילען די בלאָטיגע הימלען פון אויבען,
און עס פוילט אויך פון אונטען דאָס לעבען:
און עס שטיקט זיך דער מענש און ער קען מעהר ניט גלויבען,
און ער קען מעהר ניט האָפען און שטרעבען.
און עס דוכט זיך, די טויטע, די פינסטערע נאַכט,
אַז זי וועט גאָר ניט נעהמען אַ סוף,
און די ערד וועט שוין קיין מאָל ניט ווערען ערוואַכט
פון איהר האַרטען, איהר אייזערנעם שלאָף,
און עס האָט ניט אַ מאָרגען דער ביטערער היינט, —
אָך, ניט גלויבט עס, מיין פריינד!

II

און עס הערשט די בייזהייט און וואוטה,
און עס טרינקט זיך די מענשהייט אין בלוט.
וואו דו ביזט נאָר פערשלעפּט און פערטריבען,
אָך, מיין פריינד, ניט פערליער נאָר דיין מוטה!

אַך, מיין פריינד, וואו דו ביזט נור פערשלעפּט און פערטריבען!
אין מלחמה פאַר פרייהייט און רעכט אויף דער וועלט,
צי דו ביסט נאָך אַ גאַנצער אין רייהע פערבליבען,
און דו קעמפּפסט און דו קעמפּפסט אין יסורים און פּלאָג,
יעדע ווייל דיין קאָפּ צום געפאַהר אויסגעשטעלט,
אָדער ליגסטו בעגראָבען אין פוילען אָסטראָג,
און דו שטיקסט זיך אָהן אויפהער, אָהן שיעור,
אָדער ליגסט דו פערשליידערט אין קאַלטען סיביר,
און עס סווישצעט דער ווילדער, טיראַנישער קנוט
איבער דיר נאָכאַנאַנד אויפגעהויבען —
אַך, מיין פריינד, וואו דו ביסט, ניט פערליער נאָך דיין מוטה
דיין אונענדליכען, מעכטיגען גלויבען!
ניט פערליער נור דיין היילינגען גלויבען!

III

עס וועט קומען אַ צייט, און די צייט איז ניט ווייט,
און פון מערב, פון מזרח, פון יעטווידער זייט,
אריבער דער עלענדער וועלט,
וועט ערהויבען זיך מעכטיג אַ וואַרעמער ווינד,
און עס וועלען די וואָלקענס פערשווינדען געשווינד
פון בלייערנעם הימעל־געצעלט.
און עס וועט אויפשטעהען דער טאָג, יענער הערליכער טאָג,
אָה אויף וועלכען מיר האָבען אין חושך און פּלאָג
און ס'וועט אויפשטעהן דער טאָג, און די זון וועט ארויס
געוואַרט אַזוי לאַנג און געשמאַכט —
דורך אין שיין און אין שעהנהייט און פריילּיך און הייס,
מיט גרויסער שטראַלענדער מאַכט,
און צושמעלצען וועלען זיך די קייטען צו ענד
אנטגעגען דעם ברענענדען שיין,
און די רשעות וועט ווערען, ווי וואָלקען, פערבלענדט
אין תהום דעם מער אריין,
און דער מענשליכער זוהן וועט אַרויסגעהן בעפרייט
פון ביטערען מאַנגעל און פינסטערען שטרייט.

און דערפיהלען אין וויסטען, פערפייניגטען ברוסט
גאַנצע אוצרות מיט לעבען און ליעבע און לוסט,
און ער וועט ניט דערקענען זיין פריהער׳יגע וועלט,
וואו ער האָט זיך אזוי פיעל געשטיקט און געקוועלט.
און ערוואַרעמט, ערמונטערט, ענטציקט און בעהאַרצט
וועט ער צופאַלען היים צו דער מוטער, דער ערד,
וועלכע וועט שוין ניט ווערען פערשמוצט און פערשוואַרצט
מיט די שטראָמען פון טרערען און בלוטען און שוויים,
און אויף וועלכע עס וועט שוין ניט קלינגען דער שווערד

IV

עס וועט קומען די צייט, יענע גאָלדענע צייט,
גלויב זשע דיינקענדער פריינד, אַז זי איז שוין ניט ווייט,
און גאָר פיעלע וואָס האָבען געהאָפט און געשמאַכט,
און גאָר פיעלע וואָס האָבען געוועקט און געוואַכט,
און גאָר פיעלע וואָס האָבען אין שרעקליכער נאַכט
ניט געלאָזען דעם לייכטענדען פאַקעל פון האַנד,
און געליטען, געשטריטען, געשיינט נאָכאַנאַנד,
וועלען לעבען צו פייערן דעם יום טוב, דעם גרויסען
יענעם יום טוב פון אַלע געפּיינעגטע מאַסען
פון געפּיינעגטע פעלקער, געפּיינעגטע ראַסען,
וואו עס וועט שוין קיין איינער ניט ווערען פערשטויסען,
און אויף וועלכען דער מענש וועט ניט טהיילען זיך מעהר
אויף געדריקטען און דריקער, אויף קנעכט און אויף הערר.

---

## דער קבר.

די נאַכט געהט אַרונטער פעראומערט און קראַנק,
די בלאַסע לבנה, זי קוקט אַזוי באַנג:

ווי ס׳געהט מיט זיין עלענד דער הערבסט אויף דער וועלט,
זי קוקט פון איהר טהרערענדען הימעל-געצעלט,

ווי ס׳געהען די וואָלקענס אין ווינד און געשריי,
ווי ס׳געהט אַ לויה צוזאַמען מיט זיי —

צום ווייטען בית עולם. דאָרט פערטיגט מען צו
דעם אָרימען מת צו זיין אייביגער רוה.

עס שטופט זיך צונויף די לויה אַרום
און קוקט אַזוי ערנסט און קוקט אַזוי שטום.

און פאַרטיג... אַ יאָמער ברעכט אויס מיט אַ מאָל
דער עולם, דער גאַנצער, ער וויינט אויפ׳ן קול.

מען לייגט אין׳ם קבר דעם טויטען אַריין,
עס פאַלט אויף איהם שוואַך פון לאַנטערנע דער שיין.

און ס׳גרילצען די רידלען, דאָס זעמדעל, עס קלאַפּט;
די ווייטע לויה, זי איילט זיך און כאַפּט.

איין ווייל, אַט וואַקסט שוין אַ בערגעל אַרויס, —
געענדיגט די ארבייט, מען ווישט זיך דעם שוויים.

געענדיגט די ארבייט, דער עולם צופאָהרט,
און שטיל ווערט און פוסט אויף דעם אויביגען אָרט,

די מענשען פערשווינדען מיט זייער געוויין,
דער קבר, דער פרישער, ער בלייבט דאַ אליין.

ער בלייבט און ער קוקט אַזוי שטיל אין דער נאַכט,
פערשלייערט אין חושך, אַזוי ווי פערטראַכט.

און ס׳דוכט זיך, עס שוועבט דאָ און טראָגט זיך פערביי —
אַ לעבען אַ גאַנצער, לעבט אויף דאָס ניי:

אַ לעבען פול אַנגסטען, אַ לעבען פול פיין,
און דורך פון דער וועג ביז אין קבר אַריין;

און עלענד און איינזאַם, אַזוי ווי דער שטיין,
וואָס ליעגט ביי דעם קבר, אַלס סימן, אליין;

און קאַלט ווי דער גרוב; און פערצאָרענט, פערשמאַכט,
אַזוי ווי דער הימעל אין אַסיען ביי נאַכט.

און ס׳געהן די טעג און עס קומט אויף דער וועלט
דער ווינטער, דער שווערער, מיט שנייען און קעלט.

עס פיהרט אין בית מדרש די אלמנה אליין,
אין מאָרגענס און אבענדס, איהר יתומ׳ל קליין.

דאָס קריינקליכע קול׳כעל, עס קלינגט ווי אַ קרעכץ,
דער קינדערשער קדיש, ער לעכערט דאָס הערץ;

דאַן רייסט אין בית עולם דער ווינד זיך און טראָגט,
און הודזשעט מיט קולות, מיט ווילדע, און קלאָגט,

דאן שטעהט אַרום קבר אַ ענדלאָזער קרעכץ,
עס קרעכצען די בוימער פון לינקס און פון רעכטס

עס קרעכצט און עס רייסט און עס הודזשעט אָהן אַ סוף;
דער טויטער ער שלאָפט זיך זיין אייביגען שלאָף.

און ס׳געהן די טעג, און עס קומט אויף דער וועלט
דער פריהלינג פון שטראַהלענדען הימעל געצעלט;

דאַן פרייליך לעבט אויף די נאַטור און ערוואַכט,
דאַן בליהען די בוימער אין הערליכער פראַכט;

דאַן געהען תעניתים און טרויעריגע טעג;
דאַן געהט די אַלמנה צום קבר אַוועק;

דאן טראָגט זיך אַ שוואַרצע יללה אין לופט
עס רייסט זיך פון קבר צום הימעל און רופט.

עס שפּאַלטען די גוואַלטען אין הימעל אַריין;
דער הימעל ער קוקט אַזוי רוהיג און פיין...

---

## פון גאַס.

דער פאָטער איז אַלט און פער׳שכור׳ט,
די מוטער איז קרענקליך און בייז,
די טאָכטער איז יונג נאָך און אַרבייט,
און אַרבייט און שטיצט זיי דוראויס.

און לאַנגווייליג ציהט זיך איהר לעבען,
דורך מאַטערניס, אַנגסטען און לייד,
נור צווישען דעם שאַפּ און דעם טען׳מענט —
אָהן ליעבשאַפט, אָהן ליכט און אָהן פרייד.

עס מאַכט אַלץ סקאַנדאַלען דער פאָטער;
די מוטער, זי שילט אַלץ און הוסט;
די טאָכטער, זי פיהלט זיך אין שטייגעל,
און שמאַכטעט פאַר בענקשאַפט און לוסט.

זי האָט ניט קיין פריינד, קיין בעקאַנטע:
דער שפּיעגעל נור איינער אליין
דערצעהלט איהר אַמאָל א געשיכטע,
א חלום — בעצויבערענד שעהן.

זי זיצט ביי דעם שפּיגעל און חלום׳ט,
פול מיט בענעהרען און שמערץ,
זי ווארט אַלץ אויף עפּעס און וואַרט אַלץ,
און ס׳רייסט זיך אויף שטיקער איהר הערץ.

עס שטאַרבען — די פאָטער, די מוטער
די טאָכטער דערזעהט ערשט דעם שיין,
און וואַרפט זיך אזוי ווי פער'שכור'ט
אין שטורמישען לעבען אריין

זי וואַרפט זיך און ווייס ניט פון אָבהאַלט,
געפינט זיך קיין רוה ניט; קיין אָרט,
און קאָכענדיג טראָגט זיך איהר לעבען
נור צווישען די גאַס און דעם קאָורט*...

און ס'פליהען די יאָהרען און פליהען,
און בייזער אלץ געהט עס צו ענד;
דער קערפער, דער יונגער, ער וועלקט שויז
דאַס הארץ איז אויף קויל שוין צוברענט,

זי האָט איצט פיעל פריינד און בעקאַנטע,
דאָך מעהר ניט דעם שפיגעל אליין
פערטרויט זי איהר טרעהר און איהר עלענד,
איהר פאַלשען, איהר ביליגען חן.

זי זיצט ביי דעם שפיגעל און יאָמערט;
און פול מיט אַ פינסטערען שמערץ
דערמאָנט זי איהר יוגענד. די וויסטע,
און ס'רייסט זיך אויף שטיקער איהר הערץ,

---

# זעהנזוכט.

עס געהט די מיטען-נאַכט אין ווייסען אַנגעקליידט
אַריבער פעלד און וואַלד, אַריבער באַרג און טהאָל, —
אין ווייסען אָנגעקליידט, אויף זיידענם אויסגעשפרייט.
און גיסט מיט שטילען שיין און טרוימען אָהן אַ צאָהל,
און ס'דוכט זיך אויס נאָך איהר אין ווייסען ליכט-שפּיר
שוועבט

אַ חלום אָהן אַ סוף, אַ חלום ווייס און מילד

פון בלאָהען הימעל-רוים מיט שטערען דורכגעוועבט,
און ביז דער ווייסער ערד אין שטראַהלען איינגעהילט.
עס שלאָפט די גאַנצע וועלט פערגאָסען דורך אַרום
אין מילדען, שטילען שיין, בערוהיגט און בעגליקט;
עס שלאָפט די גרויסע שטאָדט, די גאַסען שווייגען שטום;
עס שלאָפט דער מידער מענש אין חלום איינגעוויגט.

—

איך געה, און שווים און שווים, אין ווייסען שטראַהלען־ים,
און ס׳לויכט פון מיר דער שלאָף. און פול מיט ווילדען גלוט
עס ריהרט זיך אויף אין מיר אַ לאַנג פערשטיקטער פלאַם,
און בריהט מיר היים דעם מאַרך און בריט מיר היים דעם בלוט.
עס וואַכען אויף אין מיר, פערלאַנגען אַלערליי
פון לעבען און פון גליק, פון ליעבע און פון שמערץ,
חלומות פון אַמאָל פול ליידענשאַפט און וועה,
זיי פלאַמען אויף צוריק אין מיין פערוויסטען הערץ.
און ס׳שווימט אַרום פאַר מיר, אַזוי ווי איינגעהילט
אין שטילקייט פון דער נאַכט, דורך בענקשאַפט אָהן אַ שיער,
אַ צערטליכער געשטאַלט, אַ פיעל געליעבטעם בילד, —
מיין ווייטער, ווייטער פריינד, אַך קום, אַך קום צו מיר!

—

אַך קום, אַך קום צו מיר אין שטילקייט פון דער נאַכט,
פון דיזער צויבערנאַכט — אַך קום, אַך קום צו מיר!
און זאָל מיין הערץ פאַר דיר דאָ ווערען אויפגעמאַכט,
איך וועל דערצעהלען דיר מיין בענגשאַפט אָהן אַ שיעור,
ווי קאַלט איז אין דער פרעמד, ווי שלעכט עס איז און שווער;
איך שעם זיך ניט פאַר דיר, דו וועסט פאַרשטעהן, איך ווייס,
און זאָל זיך גיסען פריי פאַר דיר מיין שטילע טרעהר,
און זאָל צוגעהן מיין הערץ אין דיינע אָרעמס היים!
עס ענטפערט קיינער אָב. עס שווייגט די גאַנצע וועלט
פערגליווערט און פערשטאַרט אין בלאַסער, טויטער פראַכט;
אין לייכטען נעבעל שווייגט די לבנה מאַטט, פערשטעלט.
עס ענטפערט קיינער אָב. עס שווייגט די שטומע נאַכט!

## דער קרעמער.

דער קרעמערעל זיצט אין זיין קרעמעל —
די הונדערסטע קרעמעל אין גאס;
ער זיצט און ער ווארט אויף א סוחר.
אין דרויסען איז פינסטער און נאס.

עס ווייזען זיך זעלטען די סוחרים;
ער זיצט און ער שוידערט פאר קעלט,
און געגעצט, און חלומט חלומות,
און טראכט זיך מכח דער וועלט.

ער טראכט וועגען מלכים און פעלקער
און ווייס ביי זיי אלץ אויף א האר;
דער קרעמער ער לעזט די „הצפירה"
און זעהט די פאליטיקע קלאר.

און פלינק אויף די פליגלען פון רעיון,
און שטאלץ און א ביסעלע בייז,
ער טראגט זיך אריבער דעם „תוגר",
דעם ענגלענדער, דייטש און פראנצויז.

ער שוועבט איבער גוי'אישע לענדער,
און טהיילט זיי אלץ צרות און שלעק,
און ביז באראן הירשס ארגענטיניען,
דאן שטעלט ער היציג אוועג.

דאן שטעלט ער זיך היציג; עס קלאפט איהם
אין מוח די שארפסטע קריטיק.
ער טראכט זיך: ווען איך באראן הירש בין,
דאן וואלט עס געלונגען אנטיק.

איך וואָלט שוין געכאַפּט דעם אינערעס,
די ערד וואָלט דער צורר געקייט,
און טאַקע א אידישע מלוכה
געגרינדעט אין איינינגע צייט.

אַ אידישע מלוכה, רבותים !
צו קענט איהר דאָס גרונטיג פערשטעהן ?
דאָס הייסט דאָך אַ מלוכה פון גאונים,
אַ מלוכה פון מלכים אליין !

אַ אידישע מלוכה רבתים,
דער קרעמער שפּרינגט אויף פון זיין באַנק
צורודערט צורייצט און צופלאַקערט
פון גרויסען פון שטאָלצען געדאַנק.

דאַן פלוצלונג בעווייזט זיך אַ סוחר,
אַזוי ווי אַ'ן אַרבעס די גרויס,
און בעט פאַר אַ קאָפּיגע פּוטער,
און שלאָגט איהם פון ענין ארויס.

עס גענעצט און געגעצט דער קרעמער,
און שוידערט נאָך שטאַרקער פאַר קעלט,
און אַבהענטיג בלייבט ער און טרויעריג,
און ס'ווערט איהם פער'מיאוסט די וועלט.

ער זיצט און ער טראַכט וועגען לעבען,
ווי נאַרעש עס געהט אויף דער ערד :
ער טראַכט וועגען הבל הבלים,
ווי אַלץ איז קיין פּרוטה ניט ווערטה.

אַך, אלץ איז נור וויסטע חלומות,
נור אומעט אומזיסטער, נור שמערץ !
א קרעכץ רייסט ארויס זיך ביים קרעמער —
אַ טיעפער אַ ביטערער קרעכץ.

נערעכט איז געווען טאַקע שלמה
פון טויזענדער ווייבער דער מאַן;
נור גט'ן די איינציגע ווייבעל
איז ווידער דאָך אויך ניט קיין פּלאַן.

זי שילט די ארורה און שילט אלץ,
און האַלט מיר הורכאוים אין געשריי —
נערעכט איז געווען טאַקי שלמה
און איך וואָלט געווען אויך אַזוי!

איך וואָלט בהרחבה געזעסען,
גאַנץ הויך אויף'ן גאָלדענעם טהראָן.
און וואָלט מיר געשריבען קהלת,
און וואָלט מיר דאָס מייניגעס טהאָן.

אך, וואָלט איך א קעניג געווען נור!
דעם קרעמער הויבט ווידער פון באַנק,
און ס'שמייכעלט איהם ליעבליך און וואָרעם
דער שיינער, דער שטאָלצער געדאַנק.

די בלאַסע, פערלאָשענע אויגען,
זיי צינדען מיט פלאַמען זיך אָן. —
וואו נעהמט מען רבותים, דעם כוח,
די מעשים, די גרויסע צו טהאָן!

אַך וואָלט איך אַ קעניג געווען נור,
איך וואָלט שוין געוואוסט פון א טאָלק;
איך וואָלט געמאַכט שוין די די אידלאַך
א רעכטע, אַ העלדישע פאָלק

איך וואָלט זיי צוזאַמענגענומען
פון יעדוויגען עק פון דער וועלט,
און וואָלט זיי בעגייסטערט מיט גבורה
און גרייט צו מלחמה אויסגעשטעלט.

דאָס שרייט ניט קיין לייב אין זיין צאָרן
און סטראַשעט די וויסטעניס ווייט;
דאָס שאַלט אין דער לופטען דער אויפרוף
צום לעצטען, צום גרויזאַמען שטרייט.

דאָס יאָגט ניט דער גליהענדער שטורעם
און אָטעמט מיט פייער דוראויס;
דאָס לאָזט זיך דער אידישער חיל,
דאָס שפּאַנען די העלדען ארויס.

דאָס ציהט ניט דער פינסטערען וואָלקען,
און דעקט־צו דעם שיין פון דער ערד:
דאָס טראָגט זיך אַ שטויב אַ געדיכטער,
פון הונדערטער טויזענדער פערד.

עס טראָגט זיך די גרויזאַמע מחנה
אין ראָטעס און פּאָלקען צושטעלט;
עס טראָגט זיך פאראויס זיי אַ'ן אימה,
עס פלאַטערט די קריסטליכע וועלט!

דאָן פלוצלונג בעווייזט זיך אַ סוחר,
אַזוי ווי אַ'ן אַרבעס די גרויס,
און בעט פּאַר אַ קאָפּיקע הערינג,
און שלאָגט איהם פון ענין ארויס.

עס זעהען פון וויטען דעם לייזונג
די הונדערטע קרעמער אין גאַס,
און פרעסען עס אויף מיט די אויגען —
מיט אויגען פון קנאָה און האַס.

זיי קוקען אַרויס פון די טהירען:
זיי זעהען ניט אָבער ווי שווער
דער בעל פרנסה פערדינט זיך
און שלינגט אַלץ אַ טרער נאָך אַ טרער.

## זאָל ברויזען דער שטורם!
(געווידמעט די רוסיש־פרייהייטס־קעמפער)

זאָל ברויזען דער שטורם! זאָל קנאַקען דער שטורם!
און זאָלען די פלאַמען צורייסען דעם הימעל!
און זאָלען די בליצען די וואָלקענס צופליקען
און וועקען דעם עולם פון אייביגען דרימעל.

זאָל הילכען דער דונער! זאָל קנאַקען דער דונער!
און וועקען די שלעפער ווי טויזענדנ האַרמאַטען;
זיי זאָלען ערוואַכען, פעראייניגט, צוזאַמען —
ערהעבען אַ ברענענדען קאַמפף געגען זאַטען!...

זאָל רוישען דער קאַמפף! זאָל זיעדען דער קאַמפף!
ווי כוואַליעס צורייצטע, וואָס שוימען אין ים!
אַ קאַמפף פאַר די רעכטע און פרייהייט צו לעבען,
אַ קאַמפף, וואָס זאָל ברענען מיט פייער און פלאַם...

אַ קאַמפף צו פערניכטען די פינסטערע גייסטער,
די שוואַרצע נשמות, וואָס האָבען די מאַכט,
וואָס ווילען די ליכטיגע שטראַהלען פעריאָגען,
און שיצען די גרויזאַמע, דונקעלע נאַכט!

ניט לאָזט אייך פערנאַרען, איהר העלדישע שטרייטער!
ניט לאָזט אייך פון הערשער פערפיהרען —
מיט שטאָלץ זאָלט איהר קעמפפען דעם הייליגען קאַמפף
איהר קענט ניט, איהר וועט ניט פערליערען! ...

י. אדלער.

# גיט מיר אַן עצה

זאָל איך לעבען, ליידען, דולדען און וואַרטען,
און גריזשען די ביינער וואָס פאַלען אַראָפּ
פון טישען מיט רייכע געשמאַקע מאַכלים —
און בויגען אלץ טיעפער, און טיעפער מיין קאָפּ

זאָל איך פערלעשען די גליהענדע פונקען,
וואָס ברענען, און בריהען מיין בלוטיגעס הערץ;
און קניען, און קריכען, און שמייכלען און לעקען
די זאַטע, וואָס האָבען בעשאַפען מיין שמערץ?...

זאָל איך ווי אַ צוויינעל זיך קרימען און בויגען,
זיך לאָזען בעהערשען פון שטורמישע פרעסט —
פאר בייזע, צוכעס'ענטע ווינטען זיך שרעקען,
און גאָר ניט ערהויבען קיין ברעקעל פראָטעסט?

זאָל איך ווי אַ חנופ זיי ליעדעלעך זינגען,
און לויבען די רייכע וואָס לעבען אין פרייד?—
אָדער אנטלויפען — דאָס לעבען זיך רעטען —
און לאָזען מיין ברודער פאַלען אין שטרייט?

גיט מיר אַן עצה, ווי זאָל איך זיך פיהרען,
אין איצטיגע צייטען אָהן רעכט און אָהן ווערטה
זיך לאָזען פון שוחטים בינדען אין קייטען,
און שטרעקען מיין האַלדז אַנטקעגען די שווערד?....

און אפשר פערבלייבען, און האָפען און שטרעבען,
און קעמפּפען מיט קרעפטען, און העלדישער מאַכט
און לאָזען די פונקען נאָך העלער צוגליהען,
און העלפען מיין ברודער געווינען די שלאַכט?

י. אדלער.

## מיין ליעדעל.

עס איז מיר א ליעדעל
עס איז מיר א ליעדעל
בעשאפען ניט שווער;
איך נעהם מיר א זיפצעל,
א קרעכצעל א טרעהר,
יסורים און ליידען,
צרות פון שקלאפען,
קינדעלעך בלאסע —
אט ווערט עס בעשאפען...
עס פליקט די נשמה,
עס ראניעט דאס הערץ,
עס צאפט זיך אין עלענד,
עס ווייקט זיך אין שמערץ...
עס איז ניט צום זינגען,
עס איז ניט צום שפאס,
עס ווערט נור געבארען
אין ברענענדען האס...
עס איז ניט צום וויינען,
עס איז ניט צום לאכען,
עס הייסט נור דער עולם
גיכער ערוואכען....

י. אדלער.

## די שטורם גלאקען.

די שטורם גלאקען, רוישען, קלינגען,
די שקלאפען וואכען מונטער אויף;
און די רויטע פאהנע פלאטערט,
און פון הערשאפט נעהמט א סוף!

און איך הער א ריזען־שטימע
שטאַרק און מעכטיג ווי זי רופט;
„רעכט און פרייהייט, ליכט און לעבען,
און זי שפּאַלט די ריינע לופט.

„גענוג געליטען דאָרשט און הונגער,
גענוג פערגאָסען שוויים און בלוט...
גענוג געפּאשעט מענשען־מערדער —
וואָס בעצאָהלען מיט'ן קנוט„...

קעמפּפט איהר עלדען שטאַרקער, פעסטער!
גרויס איז אייער ריזענ־מאַכט!
קעמפּפט צוזאַמען, קעמפּפט פעראייניגט,
דאַן געווינט איהר דיזע שלאַכט!...

י. אַדלער.

* * *

## דער מאַשינער.

מיעד און צופלאַטערט,
די כוחות גע'פּטר'ט,
קומט ער פערמאַטערט
א היים פון די שאַפּ;
פוסט איז דער מאָגען,
פון ארבייט דערשלאָגען,
און האַלט אין איין קלאָגען
אויפ'ן פינסטערען דזשאָב...
ער שילט זיינע טרייבער,
וואָס דרעשען די לייבער,

---

*) דזשאב—אַן ארבייט.

פון מענער און ווייבער,
וואָס צאַפּלען אין שוויים, —
וואָס שניידען און שערען,
און שווימען אין טרעהרען,
און ווילען ניט קלעהרען
און וויסען פון נײַס...

ער שילט אלע שינדער,
וואָס נעהמען צו קינדער,
און ווערען ווי רינדער
געשאָכטען פאר געלד —
די מאַמעס זיי לעכצען,
זיי זיפצען און קרעכצען,
און קריגען מיט שלעכטצען
בעצאָהלט פון דער וועלט...

ער האַסט אלע שטעפּער,
וואָס שאַפען אין שעפּער,
און זיינען דאָך שלעפּער
און זינקען אין נויט:
ער האַסט אלע שנאָרער,
די נאַרישע שפּאָרער, —
וואָס עסען מיט מרור
דאָס שטיקעלע ברויט...

ער האַסט אלע דומע,
די שכלים די קרומע,
וואָס זיצען ווי שטומע
און קושען די רוט...
וואָס האָבען קיין לוסטען,
נאָר טרוקענע ברוסטען, —
און כראַקען און הוסטען
און שפּייען מיט בלוט...

י. אדלער

# דער שניידער.

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אַלט,
אין יעדען ווינקעל מיסט און קייט.
ס'איז פינסטער, אומעדיג און קאַלט,
א קראַנקער שניידער זיצט און נייט.
דער שניידער נייט,
די נאָדעל געהט,
דער מוח דרעהט,
ס'איז גרוים די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט.

* * *

דאָס פנים געל, פערצאָגט, פערטראַכט,
די נאָדעל רודערט טאָג און נאַכט.
פון צייט צו צייט אַ פוסטער הוסט
האלט אויף די האַנד, רייסט אויף די ברוסט.
דער שניידער נייט,
די נאָדעל געהט,
דער מוח דרעהט,
ס'איז גרוים די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט.

* * *

אין שטוב איז אומעדיג און פוסט,
פון וויעג אַ זיפץ, פון בעט אַ הוסט,
אַ קליינעם לעמפעל ברענט זיך שוואך,
אַ דראַבנער רעגען קלאַפט אין דאַך.
דער שניידער נייט,
די נאָדעל געהט,
דער מוח דרעהט,
ס'איז גרוים די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט.

„וואָס טהוסט דו, שניידער, אויף דער וועלט ?"
„איך לעב" ... — אַ שוידערליכע קעלט
נעהמט אָןביין האַרץ, פערפלוכטע נויט !
אז דו הייסט ל ע ב ע ן, וואָס איז טויט ?!
דער שניידער נייט,
די נאָדעל געהט,
דער מוח דרעהט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין ברויט,
ש. ראַפּאָפּאָרט.

---

# מיין ליעד.

מיין ליעד איז געוועבט פון טרערען און שמערץ,
איך שרייב עס מיט בלוט, וואָס עס טריפט פון מיין הערץ,
איך וואָלט עס ניט זינגען, ך'וואָלט רוהיג געשוויגען,
ווען איך וואָלט קענען מיין אומעט פערוויגען...
* * *

הערסט, ווער ס'צוגיסט זיך מיט קלאָג און געוויין
דאָס יאָמערט דאָס עלענד, דאָס עלענד אליין...
אין וואונדען... מיט לומפּען אין גאנצען בעדעקט,
מיט בלוט און מיט בלאָטע אין גאנצען פערפלעקט,
מיט שרעק, מיט רחמנות קוקט ער ארויס,
פון דחקות, פון הונגער — ער שטאַרבט, ער געהט אויס...
* * *

שטילע קרבנות — זיי פאַלען, ווי פליגען:
יאָהרען געליטען און יאָהרען געשוויגען ;...
געפאלען אָהן כחות, צובראָכען, צומאַלען...
פון הונגער פערגאַנגען, פון הונגער געשוואָלען.
עס וויינען יתומים, עס וויינען אלמנות.
זעהט ווער טרערען דען ? האָט ווער רחמנות ?
* * *

די רייכע, די זאַטע, די רוהיגע מוחות,
וואָס הערען זיי טרערען און בלוטיגע ליחות?
וואָס האַרט זיי דער ברודער, וואָס טרינקט זיך אין בלוט,
אַז זיי לעבט זיך רוהיג, אַז זיי לעבט זי דגוט...
פערפאַלענע זיפצען, פערלאָרענע טרערען,
שטיינערנע הערצער וועלען ווייכער ניט ווערען;

ש. ראַפּאָפּאָרט.

* * *

# דער קבר.

(אוים ניקיטין)

דער קבר איז פאַרטיג, דער קבר איז אָפען.
אַ לעבען אָהן פרייד, אַ לעבען אָהן האָפען,
אַ לעבען פון אומעט און ביטערע נויט,
אַ לעבען פון צרות, פון פיין און פון לייד...
אַ לעבען אָהן ליעבע, אָהן גליק און אָהן מאַכט,
אַ לעבען — אַ שטילע, אַ פינסטערע נאַכט...
טרויעריג ביזט דו זיך נעבעך געגאַנגען
און, ווי אין מדבר אין פייער, פערגאַנגען...
שלאָף-זשע איין רוהיג מיין ביטערע דאָלע!
אַ דירה אַ ענגע, אַ דירע אַ שמאָלע...
עטליכע ברעטער, עטליכע שטיינער, —
און אויף גאָט'ס וועלטעל ט'פעלען נור איינער,
אַ נפש אַ שטילער, אַ נפש אַ קליינער.
דער היזק וועט קיינעם ניט טשעפּען, ניט ריהרען,
אויף'ן קבר וועט קיינער קיין טרער ניט פערליערען.
ס'הערט זיך פון ווייט'ן אַ פייגעלע זינגט,
זי וויינט און צוגיסט זיך און יאָמערט און קלינגט.
פייגעלע, שטילער! קיין ליעדער, קיין טרערען!
ווער ס'ליגט שוין אין קבר ט'ניט לעבעדיג ווערען!

ש. ראַפּאָפּאָרט.

## אַרבייטער - ברידער!

אַ, אַרבייטער־ברידער, ערהויבט זיך, ערוואַכט
און מאַכט צו די צרות אַ'ן ענד!
עס לייכט שוין אין מזרח, עס שווינדעט די נאַכט,
עס עפענט די ברעמען דער מאָרגען אין פּראַכט;
אַ, שנעלער, ערהויבט זיך מיט שטורמישער מאַכט,
זאָל זיין צו די ליידען אַ'ן ענד.

אַ, זעהט אייערע קינדער פערצאָגט און פערבלאַסט,
די אויגען פערשוואָלען און רויט,
אַ, זעהט אייער ברודער, ער שמאַכטעט און פאַסט,
כאָטש לאַנג זינט ער טראָגט שוין די שרעקליכסטע לאַסט,
דאָך ווייס ער קיין פרייד ניט — און לויפט אלץ מיט האַסט
צום בייזען, צום פינסטערען טויט.
ערהויבט זיך, איהר מאַסען, אָט יעצט איז די צייט
בעפרייען דעם ברודער און זעלבסט זיין בעפרייט,
און מאַכען אַ'ן ענד צו די נויט.

עס קלינגען די טהאָלען, עס קלינגען די בערג;
אַ, אַרבייטער־מאַסען, ערוואַכט —
עס שמייכעלט פון הימעל די הערליכע זון.
יואל סלאָנים.

---

## אין אַ קליינעם צימער.

אין א קליינעם צימער,
פערלאָזען אין זיין נויט,
ליגט אַ'ן אַלטער קראַנקער
און מאַטערט זיך אויף טויט.

ער ליעגט פערשמאַכט, פערהונגערט,
פון דאָקטאָר ניט בעטראַכט,

פון קיינעם ניט בעקימערט,
פון קיינעם ניט בעוואכט.

זיין פרוי, איהר האָט די שווינדזוכט
אריינגעלעגט אין גרוב
און זיינע ביידע טעכטער —
די נאַכט־בעפּוצטע שטוב...

און אלע פריינד, בעקאַנטע
זיי שעהמען זיך מיט איהם
און ס׳וועלקט זיין הארץ און וויאַנעס
ווי׳ן וויסטען הערבסט א בלום...

און ס׳וואַרפט זיך וויסט דער קראַנקער
פ׳זיין בעטעל האַרט און אַלט,
אין קעלט, וואָס מאכט איהם שוויצען
און היץ, וואָס מאַכט איהם קאַלט...

און ס׳וואַרפט זיך וויסט דער קראַנקער
געפּלאָגט פון וויסטען פיין ;
פון בילדער, וואָס געוועזען
פון בילדער, וואָס וועט זיין...

ער האָט זיין פרישע יוגענד,
ער זעהט זיין מוטער מילד,
ער זעהט די שאָפּ די וויסטע,
ער זעהט דעם מייסטער ווילד.

ער זעהט זיין פרוי און קינדער,
דריי ענגלען שעהן און מילד,
ער זעהט די ענגלען זינקען...
אַה, שרעקליך איז דאָס בילד !

ער זעהט די גרעסטע טאָכטער,
מיט פאַלשען גלאַנץ בעשיינט...
ער זעהט דעם שר־גיהנום
מיט שלאַנגען פול בעקריינט...

ער זעהט אַ פלאַמען־טהויער
און קאָניג־הייסע טרעפּ,
אַ שר, וואָס די רשעים
ער האַקט אראָב די קעפּ...

און ס'וואַרפט זיך וויסט דער קראַנקער
אין צרות שרעקליך גרוים
און מיט אַ הוסט אַדומפּפען
זיין נשמה פליהט אַרוים...

יואל סלאָנים.

---

## מיט געקלאַנגען און מיט שטורם.

מיט געקלאַנגען און מיט שטורם
מיט אַ מוטיגען הורויי,
ווי דאָס רוישען און דאָס ברויזען פון אַ שטורעמדיגען ים,
ווי דאָס ברילען און דאָס קראַכען פון אַ שטאַרקען דונער־פלאַם
הערט זיך העלדיש דער געשריי :
שנעל !... עס נעהמט אַ'ן ענגד צום „וועה"
שנעל מאַרשירען מיר, פערלאַזענדיג דעם גיהנום פון אַ מאָהל
און צו קעמפּפען פאַר די פרייהייט אין מיליאָנען־מאַסען־צאָהל

ווי אַ שטורעם־ווינד אין מדבר,
ווי אַ הונגער־לעווין'ס קול,
הערט אין לופט זיך אַ געדרודער, הערט אין לופט זיך אַ געשריי
און עס פלאַטערען נשמות פון דעם שטורמישען „אַז וועה" —
אָ, אַז וועה צו אייך טיראַנען, איהר די פיהרער פון דאָס לאַנד !

הורות זיינען מיר ווי קנעכט געווען פערקאָוועט צו די שאַנד,
הורות האָבען מיר געאַרבייט נור פאַר אייך און פאר דעם טויט,
און געבוקט זיך מיט הכנעה פאַר אַ שטיקעל וויסטען ברויט.
אָבער דאָס וואַר אלץ אַ מאָהל!
יעצט עס קלינגט דער פרייהייט׳ס קול
און מיר זיינען פרייע קעמפפער און מיר שפרייזען יעצט צום שלאַכט
אום צו מאַכען פריי די מענשהייט און פעריאַגען ווייט די נאַכט

ווי די כוואַליעס פון ניאַגראַ,
ווי דעם וועזופ׳ס ווילדע מאַכט
הערט אַ קול זיך; יאַ, מיר שפרייזען צו דעם גרויסען וועלטען־קאַמפף,
מיר וואָס שמיעדען און וואָס בויען סיי מיט לעבען, סיי מיט דאַמפף
מיר, די שפינער און די וועבער, און די קאַסער, און די זייהער,
מיר, די שאַפער פון דאָס לעבען נאָך פון טויזענד יאָהרען פריהער,
שפרייזען מוטהיג יעצט ארוים
פון די וועלטען־ווינקלען גרוים
אום צו קעמפפען און צו פאַלען און צו זיעגען אין דער שלאַכט
און בעפרייען גאָר די מענשהייט און פערטרייבען ווייט די נאַכט...!

יואל סלאָנים

---

## מיין פריינד.

ס׳איז אמת מיר מוזען יעצט ליידען און ליידען,
אי וועלען פון יעטוויעדער איינעם געדריקט,
דאָך גלויב מיר, מיין פריינד, אַז די צייט איז שוין נאָה׳נט
ווען ס׳וועט שוין די פרייהייט ניט ווערען געשטיקט.

דאָך גלויב מיר — פוועט אויפשטעהן אַ פאָלק און אַ בראַווע,
איהר האַרץ וועט די בלום פון גערעכטיגקייט זיין,
איהר ברוסט וועט שפּראָצען מיט מוטה און מיט פפליכטען
און לייכטען איהר אויג וועט מיט פרייהייט און שיין.

און זיי וועלען זיך ערהויבען אַזוי, ווי די לייבען,
און שאָקלען ווי טהוי זייערע קייטען צו דר'ערד,
און וואַגען, וואָס קיינער ביז זיי האָט געוואַגט ניט,
און פאָדערען, אַז גליק זאָל זיין יעדען בעשערט.

און ס'וועלען פערשוואינדען די בלוטיגע דריקער
דער צאַר וועט פערלירען זיין העלישע מאַכט,
ז'געריינינגט, געוואַשען פון שמוץ און פון טרעהרען
וועט די ערד אַ גן'עדן זיין הערליך און פראַכט.

און ס'וועלען דאַן שיינען די שטראַהלען פון לעבען,
און ס'וועלען דאַן קנאַקען די הימלען פון פרייד,
און ס'וועלען דאַן לעבען אַ פאָלק מיט דעם צווייטען
פריי און פעראייניגט, פון האָס ניט צושיידט.

ס'איז אמת מיר מוזען יעצט ליידען און ליידען
און ווערען פון יעדען פערהאַסט און פערפיינדט,
דאָך גלויב מיר עס שטראַהלט שוין דער גאָלדענער מאָרגען,
מיין, מיין פערצווייפעלטער טייערער פריינד.

יוליוס סלאַנים.

---

יאאא — * * *

קומט פערלאָזט די שטאָדט די גרויסע
און די גאַסען פול מיט קייט,
וואו מען זעהט די זון ניט שיינען,
נור דעם וואָלקען הויך פערשפּרייט.

קום, פערלאָז די צרות, טרויער,
לויף מיט מיר אין גרינעם וואלד:
דאָרט איז גאָר א נייער לעבען,
יונגער פרישער ווערט מען באלד.

דאָרטען בליצט די זון אין שטראהלען,
דאָרטען גרינט און שמעקט די גראָז,
דאָרטען גיסט די לופט פּערפיומען,
בשמים טראָגט דער ווינד צום נאָז.

דאָרטען טרעלען פויגלען ליעדער,
דאָרטען זינגט די נאַכטיגאַל,
און בעצויבערט זינגען בוימער,
זינגען בלומען איבעראל...

קום מיר וועלען פון די בוימער,
פלעכטען דאָרט א גרינע הויז,
און מיר וועלען וואקסען, בליהען
בליהען, וואקסען שעהן און גרויס...

יואל סלאָנים.

---

## צום „בונד"

אין זאלציגען ים פון די מענשליכע טרערען
געפינט זיך אַ שרעקליכער תהום;
ער קען שוין ניט טיעפער, ניט פינסטערער ווערען,
איהם צייכענט אַ בלוטיגער שטראָם...

דעם תהום האָבען טויזענדער יאָהרען געגראָבען
אמונה און שנאה און פיין,
און טויזענדער יאָהרען אַלץ טראָפען נאָך טראָפען
עס גיסען זיך טרערען דעריין.

און פול איז דער תהום... דאָס איז אידישע טרערען
נאָר האָט ניט קיין טעות אין זיי:
אַ בלוטיגער טרער טהוט דעם קבצן געהערען,
דעם נגד — אַ ווייסער ווי שניי.

נאָר אייך בעלי־מלאכות, אביונים, קבצנים,
געהערט דאָך דער בלוטיגער תהום,
און אייערע „ב ר י ד ע ר„ די רייכע גזלנים,
געהערט נאָר פון אויבען דער שאָום.

שוין פול איז דער ים און פערפלייצט אַלע ברעגען.
וואו זיינען די העלדען, די לייט,
די וועלכע עס וועלען זיך מוטהיג ערוואָגען
צו וואַרפען אין תהום זיך אין שטרייט?

דעם ארבייטער ווער־זשע וועט ענדליך ערלייזען
פון הונגער און אייביגע לייד
און ווער וועט די וועג איהם צו פרייהייט בעווייזען
צו ברידערשאַפט, גלייכהייט און פרייד?

די גביר׳ישע קינדער, משכילים, רבנים —
זיי רופען אין ציון דעם איד,
אַ ליעדעל אַ׳ן אַלטע פון אונזערע שונאים
„אַ געטאָ דעם עוויגען זשיד!“

זיי רופען אונז זוכען, די קאַלטינקע מתים,
פון הייליגע קברים אַ לאַנד,
און דאָס, וואָס עס לײדען און זיפצען „הקדושים“ —
צו דעם איז מען טויב ווי די וואַנד!

משיח און יודענטהום —ביידע געשטאָרבען,
איין אַנדער משיח קומט אָן:

דער אידישער ארבייטער (גביר'ישער קרבן)
הויבט אויף שוין פון פרייהייט די פאָהן.

דער העלד וועט די וועלט אי בעפרייען, אי היילען,
ער ט'גרייכען דעם תהום ביז'ן גרונד!
עס לעבע פון רוסלאַנד, פון ליטאָ און פוילען
דער אידישער „ארבייטער־בונד"!

ז. סינאַני.

---

# די שבועה.

ברידער און שוועסטער פון ארבייט און נויט,
אַלע, וואָס זיינען צוזייט און צושפרייט, —
צוזאַמען! צוזאַמען! די פאָהנע איז גרייט.
זי פלאַטערט פון צאָרן, פון בלוט איז זי רויט!
צום שבועה! צום שבועה אויף לעבען און טויט!

הימעל און ערד וועט אונז הערען,
עדות — די ליכטיגע שטערן,
אַ שבועה פון בלוט און פון טרערען!
מיר שווערען! מיר שווערען!

מיר שווערען צו קעמפפען פאַר פרייהייט און רעכט
מיט אַלע טיראַנען און זייערע קנעכט.
מיר שווערען בעזיעגען די פינסטערע מאַכט
אָדער מיט העלדענמוטה פאַלען אין שלאַכט!

הימעל און ערד א. ז. וו.

מיר שווערען צו היטען אַ בלוטיגען האַס
צו מערדער און רויבער פון ארבייטער־קלאַס,

דעם קייזער, די הערשער, די קאַפּיטאַליסטען —
מיר שווערען זיי אַלע פערניכטען, פערוויסטען.

הימעל און ערד א. ז. וו.

מיר שווערען צו פיהרען דעם היילינען שטרייט
ביז וואנען די וועלט וועט ניט ווערען בעפרייט.
קיין קבצן, קיין נגיד, קיין הערר און קיין שקלאַף!
גלייך זאָלען ווערען ווער שטאַרק איז און שלאַף!

הימעל און ערד א. ז. וו.

מיר שווערען אַ טרייהייט אָהן גרענצען צום „בונד".
נאָר ער קען די שקלאַפען בעפרייען אצינד.

זיין פאָהנע די רויטע איז הויך און איז ברייט;
מיר שווערען איהם טרייהייט אויף לעבען און טויט!

הימעל און ערד וועט אונז הערען,
עדות די ליכטיגע שטערען,
אַ שבועה פון בלוט און פון טרערען!
מיר שווערען, מיר שווערען!

ז. סינאַני.

---

## מיין מוטער.
(פריי אויס יאקובאָוויטש)

מיר האָט זיך מיין מוטער ג'חלום'ט די נאַכט.
געווען איז איהר פּנים פערצאָגט און פערטראַכט.
דערזעהענדיג מיך, האָט זי זיך צוקלאָגט
און האָט מיר דורך טרערען די ווערטער געזאָגט:

* * *

"זוהנעלע, זוהנעלע, טייערעס קינד!
כ'האָב דיך פערלאָרען! אָ, וועה מיר און ווינד!
זינד בייט אין תפיסה ביי די גזלנים
(אַ בלבול, פערשטעהט זיך, פון אונז'רע שונאים!),
האָב איך נאָר איין מאָל געזעהען דיין פנים
דורך ביקס'ן און שווערדען פון בייזע יונים!

איך בין שוין אָהן כח, די האַרץ טוט מיר וועה,
די האָר פון מיין קאָפּ זיינען וויים ווי דער שנעה,
פון ביטערע טרערען די אויגען שוין בלינד.
איך פיהל דיינע צרות, מיין אָרימעס קינד.

דאָס הערט זיך מיר וויכטיג דער קלונג פון די קייטען,
די שלעסער פון תפיסה דוכטען זיך מיר —
אַ בייזער געדאַנקען — זיי ווילען דיך טויטען:
דער תליון... דער יון, דער שומר ביי'ן טהיר.

אָ, זוהנעלע, זוהנעלע, איך בין שוין אַלט...
כאָטש איין מאָל אַ בליק טהאָן אויף דיין געשטאַלט,
כאָטש איין מאָל אַ קוק טהאָן דיר אין די אויגען
און נאָך דעם שוין רוהיג אין קבר זיך לויגען!...

* * *

— מיין אַלטינקע מאַמע! איך הער דיין געוויין,
עס פאַלט יעדער טרער אויף מיין האַרץ ווי אַ שטיין,
און ווען איך וואָלט האָבען דריי לעבענס צו לעבען,
וואָלט איך מיט גרויס פרייד אַלע דריי אָבגעגעבען,
נאָר איך זאָל קענען נאָך הערען דיין קול!...
נאָר איך זאָל קענען דיך זעהן איין מאָל.
איז אַבער מעגליך דעם נפש פערקויפען
דעם בלוטיגען שונא, דעם קייזער דעם טרפה'ן?!

ווען דו, מיין טייערע מוטער, וואָלסט וויסען,
אַז איך האָב געאָפּפּערט מיין פרייען געוויסען,
אַז איך האָב מיין הייליגע פאָהנע צוריסען,
אַז איך האָב צוטראָטען, וואָס מיר איז טייער,
אַז איך האָב פערלאָשען מיין הייליגען פייער,
וואָלסט דו דען קענען אַ רוהע געניעסען!
וואָלסט דו דען קענען מיך האַלזען און קושען!
ווען איך וואָלט די שרעקליכע עולה געטהון,
וואָלט איך דען בלייבען ווי פריהער דיין זוהן?
— איך זעה, ווי מיין מוטער צוגעהט פון געוויין,
איך הער אָבער דייטליך, זי ענטפערט מיר: — „ניין“!!

ז. סינאַני.

# גאָטט.

(פון רוסיש)

איך גלויב ניט, אַז הייליג איז אייער גאָטט,
איך גלויב ניט, אַז הייליג איז זיין געבאָט.
דער אויבערסטער הערשער, פון הארן דער האַר,
בעקאַנט איז ער אונז... דורך לייד און דורך צער!

וואָס האָט ער, דער קעניג פון הימעל, בעשאַפען
מזבחות, גלחים, פריצים און שקלאַפען.
ער האָט אין קייטען דעם זינן געשמידט,
פון וויסענשאַפט האָט ער פערהאַלטען די טריט.

ער האָט אונז געלערנט נור ליידען און שווייגען;
און די רבנים, און די גלחים,
און די עשירים, און די מלכים
האָט ער געלערנט אונז נאַרען, אונז לייגען!

גענוג שוין צו האָפען, אַז גאָטט וועט אונז רעטען!
גענוג זיך צו בוקען, צו וויינען, צו בעטען!
קיין שוהל ביי דעם יוד! קיין קלויסטער ביים גוי!
פערפלוכט זאָל ער זיין דער ס׳הייסט אדני!

ז. סינאַני.

## דאָס ליעד פון קאַטאָרזשניקעס.

(פריי אוים יאקובאָוויטש)

דאָרטען, דאָרטען, אין עק וועלט,
וואו עס ברענט די שאַרפע קעלט,
אין די גריבער, טיעף אין דר׳ערד
אונטער וואַך פון בלויזען שווערד,
וועלכער קען אונז רוהיג טויטען,
שטעהן מיר געשמידט אין קייטען,
מיט די האַלב־געגאָלטע קעפ.
און עס הערען זיך די קלעפ
פון די האַמערס אין די ווענט...
ניט געזשאַלעוועט די הענט,
ניט די קרעפטען, ניט די ביינער,
האַקען מיר די קאַלטע שטיינער
און מיר האַקען טאָג און נאַכט...
— ווער האָט אונז אַהער געבראַכט?
— דעם פערפלוכטען קייזער׳ס מאַכט!...

ז. סינאַני.

## מיר זיינען פרייהייטס-סאָלדאַטען.

און ארבייטער־מאַרש.

מיר זיינען סאָלדאַטען אין פרייהייטס־אַרמעע
און שטעהען גאַנץ פעסט אין די רייהען —
מיר קומען בעפרייען די וועלט פון איהר וועה,
די מענשהייט פון קנעכטשאַפט בעפרייען.

בּאַגײַסטערט מיט אמת, בעלאָדען מיט מאַכט,
מאַרשירען מיר געגען האַרמאַטען —
מיר קומען אין זונענשײַן פערוואַנדלען די נאַכט,
מיר קומען ווי בראַווע סאָלדאַטען.

מיר האָבען דורך דורות געטראָגען די נויט,
און שטיל און געדולדיג געשוויגען.
עס האָט אונז דער רײַכער געמאַטערט צום טויט,
געטראָטען, געריבען ווי פליגען.
נון קומען מיר זאָגען דעם מעכטיגען „האַלט!"
און וואַרפען אַ שרעק אויף דעם זאַטען...
מיר קומען צושטערען די הערשאַפט פון גוואַלד,
און קומען ווי בראַווע סאָלדאַטען.

מיר קומען מיט פעסטע כּלי־זין פערזעהן
און רופען זיך מעהר ניט: „די שוואַכע" —
פאָראויס געהט אונז מ אַ ר ק ס מיט זײַן מעכטיגער פען,
ל אַ ס אַ ל מיט זײַן גוואַלדיגער שפּראַכע.
אונז פעהלט קיין פיהרער, אונז פעהלט קיין געוועהר —
אַ, ציטערט איהר שטאָלצע מאַגנאַטען! —
מיר קומען פערזאָרגט און בעוואָפענט אַהער,
און קומען ווי בראַווע סאָלדאַטען.

וואָס אַרט אונז אַ שונא! וואָס אַרט אונז אַ שפּיאָן!...
מיר בלײַבען דער זאַכע נאָך טרײַער,
מיר הויבען נאָך העכער די הײליגע פאָהן
און וואַרפען זיך דרייסטער אין פײַער.
ניטאָ אַזאַ מאַכט, וואָס זאָל שטערען דעם זיעג
פון אונזערע קרעפטיגע טהאַטען —
מיר ציהען מיט ליעבע און ברענענדען קריעג,
ווי עהרליכע פרײַהײטס־סאָלדאַטען.

מ אָ ר י ס ר אָ ז ע נ פ ע ל ד.

# די נייע צייט.

ווען עס שוועבען וואָלקענס טרעהרען
און אין הימעל שיינט קיין שטערען,
אַלץ איז פינסטער און פערטרויערט
און דער שוואַרצער עלענד לויערט
אויף די מענשהייט נאָהנט און ווייט;

ווען די וועלט איז פול מיט וויינער,
און פון טויזענד לעבט נאָר איינער,
אום די טויזענד צו פערשלינגען —
דאַן, אָ, מוז דער דיכטער זינגען
ליעדער פון א נ י י ע צ י י ט.

דאַן ברעכט אויס זיין שטים אין בליצען,
ווערטער דונערן, פונקען שפּריצען —
זיין געזאַנג ווערט א געוויטער,
הילכט און ליאַרעמט מיט א ציטער
„הייבט זיך אויף און ווערט בעפריים!

געהט אַרויס פון דער פערפעסטונג!
אחדות איז א שטאַרקע פעסטונג,
מוטה איז מעכטיגער אַלס וואַפען,
און די מענשהייט דאַרף קיין שקלאַפען —
פרייהייט וויל די נ י י ע צ י י ט!"

און עס שטרעמען אָן די מאַסען
דורך די פעלדער, דורך די גאַסען,
די מיט שטאַרקייט, די מיט וויסען,
גרייט דאָס לעבען צו געניסען,
און צו זעהן די וועלט בעגייט;

פריי און ניט בעהערשט פון קיינעם,
בינדען אַלע זיך אין איינעם,
זועלען גליהען, הערצער קוועלען,
און עס טרעלט פון אַלע קעהלען,
און עס קומט די נ י י ע צ י י ט.

* * *

אַלזאָ זינג איך אייך מיט פייער
הייבט זיך, ווענן גליק איז טייער,
ווענן עלענד'ס שוואַרצע פּלאַגען
האָבען נאָך ניט גאַנץ דערשלאָגען
און זיי טויגען נאָך צום שטרייט.

אונזער וועלט איז פול מיט וויינער,
און פון טויזענד לעבט נאר איינער
אום די טויזענד צו פערקנעכטען!
הויבט זיך, הויבט זיך, נעהמט אייך רעכטען
און בעגריסט די נ י י ע צ י י ט.

מ אָ ר י ס ר אָ ז ע נ פ ע ל ד.

## דער אַרבייטער.

דער פנים פער'חשך'ט,
די גליעדער פערשוואַכט,
די האַרץ צובראָכען,
די ליפען פערשמאַכט,
אין שטענדיגע פראַצע, אין יאָך,
דער רוקען געבויגען,
פערבלענדעט די אויגען —
קיין יום טוב, קיין שבת — א בראָך!

די קינדער פערמאָרעט,
דאָס זעלבע די ווייב,

קיין קליידלעך, קיין שיכלעך,
קיין העמד אויפ׳ן לייב;
אין צרות מיט לומפּען געהילט
סיי ווינטער, סיי זומער,
אין עלענד, אין קומער,
מיט שרעקליכע נויט איבערפילט.

אַ שטיפקינד, אַ פרעמדער —
ביי קיינעם קיין ווערטה;
פערוואָגעלט אונטער׳ן הימעל,
קיין טרייסט ניט אויף דר׳ערד —
דאָך רוהיג און שטיל ווי אַ לאַם;
גאַר אָהן דבורים
טרינקט ער אין יסורים
דעם מיקסטור פון אַלערליי סם.

ער איז דער טהעטיגסטער;
נאָך ניע האָט ער פערפעהלט
זיין פויסט אין זיין פלי
בעדיענען די וועלט,
נאָך ניע האָט זיין אָרעם גערוהט.
ער דרעהט זיך כסדר
די וועלטליכע רעדער
מיט טרעהרען, מיט שוויים און מיט בלוט.

זיין קאָפּף שאַפט מאַשינען
זיין פוס טרעט די ערד,
זיין פלייש שאַפט אונז רייכטום,
זיין האַנד האַלט דער שווערד.
ער איז אַלץ און אַלץ איז אין איהם —
און לאָזט זיך בעטריגען

פון העסליכע פליגען,
וואָס וואָלט'ן ציטערען בלויז פאַר זײַן שטים...

* * *

ארבייטער! ארבייטער!
זאָג ווי לאַנג נאָך
וועסטו גערולדיג
נאָך ציהען דעם יאָך?
שטעה אויף און צייג דיינע מאַכט!
דיין זיעג איז גאַנצע זיכער,
ערהויב זיך נאָר גיכער —
דער מאָרגען שיינט, ס'שווינדעט די נאַכט.

מאָריס ראָזענפעלד.

---

# אין שאַפּ.

עס רוישען אין וואָרקשאָפּ זאָ שטאַרק די מאַשינען,
אַז אָפטמאָל אין טומעל פערליר איך דעם זינען;
איך ווער אין זיך זעלבער פערזונקען, פערלאָרען,
מיין „איך„ ווערט דאַן בטל — איך ווער אַ מאַשין.
איך ארבייט, און ארבייט און ארבייט אָהן חשבון,
עס שאַפט זיך, און שאַפט זיך, עס שאַפט זיך אָהן צאָל —
פאַר וואָס? און פאר וועמען! איך ווייס ניט, איך פרעג ניט —
ווי קומט אַ מאשינע צו דענקען אַ מאָל?

ניטאָ קיין פערשטאַנד, קיין געפיהל, קיין געדאַנקען,
די ביטערע, בלוטיגע ארבייט דערשלאָגט
דאָס עדעלסטע, שעהנסטע און בעסטע, דאָס רייכסטע,
דאָס טיעפסטע, דאָס העכסטע, וואָס לעבען פערמאָגט.
עס שווינדען סעקונדען, מינוטען און שטונדען,
גאָר זעגעל־שנעל לויפען די נעכט מיט די טעג:
איך טרייב די מאַשין גלייך איך וויל זי דעריאָגען,
איך יאָג זי בעוואוסטלאָז — איך יאָג אָהן אַ ברעג.

דער זייגער אין ווארקשאָפּ, ער רוהט ניט אפילו,
ער ווייזט אַלץ, און קלאַפּט אלץ, און וועקט נאָכאַנאַנד.
געזאָגט האָט אַ מענש מיר אַ מאָל די בעדייטונג
פון זיין ווייז'ן און וועקען — דאָרט ליגט אַ פערשטאַנד,
נור עטוואָס געדענקט זיך מיר ווי דורך אַ חלום
דער זייגער — ער וועקט אין מיר לעבען און זינן...
און נאָך עפּעס — איך האָב פערגעסען — ניט פרעגט עס,
איך וויים ניט, איך ווייס ניט, איך בין אַ מאשין.

און צייטענווייז, ווען איך דערהער שוין דעם זייגער,
פערשטעה איך גאַנץ אַנדערש זיין ווייזען, זיין שפּראַך;
מיר דאַכט, אַז עס נו'קעט מיר דאָרטען דער „אומרוה"
כ'זאָל ארבייטען, ארבייטען מעהרער, אַ סך,
איך הער אין זיין טאָן נור דעם באָס'ס ווילדען בייזער —
זיין פינסטערן קוק אין די ווייזער די צוויי,
דער זייגער—מיר סקרוכעט—מיר דאַכט, אַז ער טרייבט מיך,
און רופט מיך „מאַשינע", און שרייט צו מיר: „נעה"!

נאָר דאַן, ווען ס'ווערט שטילער דער ווילדער געטומעל,
אַוועק איז דער מייסטער אין מיטאָג־צייט־שטונד,
דאַן הייבט אָן אין קאָפּ ביי מיר לאַנגזאַם צו טאָגען,
אין הערצען צו ציהען, איך פיהל דאַן מיין וואונד,
און שמערצפאָלע טרערען און זודיגע טרערען
דורכווייקען מיין מאָגערען מיטאָג, מיין ברויט;
עס ווערגט מיר, איך קען ניט מעהר עסען; איך קען ניט!
אַ שרעקליכע פראַצע! אַ ביטערער נויט!...

עס ערשיינט מיר דער שאַפּ אין דער מיטאָג-צייט שטונדע
אַ בלוטיגער שלאַכטפעלד: אין צייט ווען דאָרט רוהט
אַרום און ארום, זעה איך ליגען הרוגים...
עס ליאַרעמט פון דר'ערד דאָס אונשולדיגע בלוט

איין ווײלע — און באַלד ווערט געפּויקט אַ טרעוואָגע,
די טרופּעס ערוואַכען... עס לעבט אויף די שלאַכט!
עס פעכטען די טרוקענעביינער — פּאָר פרעמדע —
און שטרייטען, און פאַלען, און זינקען אין נאַכט...

איך קוק אויף דעם קאַמפּפס־פּלאַץ מיט ביטערע שמערצען,
מיט גרימיגע ראַכע, מיט העלישער פּיין,
דער זייגער — יעצט הער איך איהם ריכטיג — ער וועקט עס:
אַ סוף צו די קנעכטשאַפט, אַ סוף זאָל עס זיין!
יעצט מינטערט ער אויף מיין פערשטאַנד, די געפיהלען
און ווייזט ווי עס לויפען די שטונדען אַהין,
איך בלייב אַ פערשקלאַפּטער זאָ לאַנג איך וועל שווייגען —
אונגליקליך, זאָ לאַנגע איך בלייב, וואָס איך בין...

דער „מענש“, וועלכער שלאָפט אין מיר, הויבט אָן ערוואַכען,
דער „קנעכט“, וועלכער וואַכט אין מיר, שלאָפט, דאַכט זיך איין
אַצינד איז די ריכטיגע שטונדע געקומען;
זיין ענד צו דעם עלענד! אַ סוף זאָל עס זיין!
נאָר פּלוצלונג דער „וויסעל“, דער באָס, אַ טרעוואָגע
איך ווער אָן דעם שכל, פערגעס וואו איך בין,
עס טומעלט—מען קעמפּפט—אָ, מיין „איך“ איז פערלאָרען,
איך ווייס ניט, מיך אָרט ניט, איך בין אַ מאַשין...

מאָריס ראָזענפעלד.

## דער בלינדער בעטלער.

אין גרענד סטריט ניט ווייט פון סאָקער-שטיין׳ס סטאָר
זיצט טעגליך אַ בלינדער מיט גראָה־לאַנגע האָר.
גאַנץ טיעף אין זיין פּנים האָט, קענטיג, די נויט
דאָס שרעקליכסטע אויסגעקריצט: „שענקט מיר אויף ברויט“.
ער זיצט דאָרט און קרעכצט, פערהונגערט און מיעד,
און שפּיעלט אויף זיין פיעדעל איין אונמוטהיג ליעד.

און יעדוויעדער סטרונע, וואָס ער גיט אַ דריק,
און יעטוויעדער מאָל, וואָס ער ציהט מיט'ן סמיק —
דערהערען זיך טענער, געמישט מיט געוויין,
וואָס קענען צונעהמען אַ הערץ פון אַ שטיין —
דער אָרימער שפּיעלט דאָרט אין ווינד און אין שטויב;
זיין פידעלע קרעכצט ווי אַ וואונדיגע טויב...

אי הערען, אי דאַמען שפּאַצירען דאָרט פיעל,
זיי וויסען גאַנץ גוט וואָס דער עלענדער וויל,
זיי הערען זיין ביטערען זיפץ, זיין געוויין,
און וויסען, אַז דאַ טאָר מען בעטלען ניט גערן...
דאָך בלייבט ביי זיי קאַלט און פערפראָרען די הענט,
די הענט און די הערצער, זיי גיבען קיין סענט.

אַ, מענשען! — דער בלינדער וואָס זיצט דאָרט אצינד —
זייט וויסען, איז ניט פון געבאָרענהייט בלינד;
ער האָט, ווי מיר אַלע, די ליכטיגע זונן
געזעהען און געהאַט אַ מאָל נחת דערפון,
ער האָט אין אַ קוילען־גרוב צו לאַנג געשאַפט,
און דאָרטען פערלאָרען זיין שיין און זיין קראַפט.

אַ וועה! ווער עס האָט נאָר אין דעם אַ בעגריף!
אָהן לופט און אָהן ליכט, אין דר'ערד דאָרטען טיעף
צו שאַפען, צו ליידען, צו זיין דאָרטען נאָר,
אַ, דאָרט, וואו דאָס לעבען הענגט נור אויף אַ האָר —
דער וויים, דאָס ווען אונז איז דאַ ווארעם און גוט,
דאָן וואָרעמט אונז מענשליכע קנאָכען און בלוט...

ווען העל אייער פייערל פינקעלט און בליצט,
ווען איינזאַם און וואַרעם אין צימער איהר זיצט,
בעטראַכט איהר ווען, מענשען, אין גליהענדען זשאַר
מיליאָנען געזיכטער צולעכערט און דאַר?

דאָס זיינען בעגראָבענע גרעבער אַ ים —
דאָס שוועבט זייער שטן ביי אייך אויף דעם פּלאַץ.

אָ, פּרעסער! ווען בלוטיג איהר בייסט מיט די ציין
די פליישען, געקאַכט מיט די בערג־לייט׳ס געביין,
בעמערקט איהר די פּאַרע וואָס שטייגט אין דער לופט
דאָס איז פון פערשאָטענע גרעבער דער דופט —
דאָס זיינען די אָטהעמס די לעצטע פון די,
וואָס האָבען אין מינעס געאָפּפערט אייך מיה.

אין יעטוויעדער שטיקעלע, פּיצעלע קויל,
בעטראַכט איהר אין פייער אַ גליהענדע מויל?
איהר הערט ווי עס זיפצט, ווי עס קרעכצט, ווי עס בעט
איהר הערט ווי עס ליארעמט, עס פילדערט, עס רעדט!
איהר הערט ווי עס גוואַלדעוועט, דונערט און שרייט
„מיר זיינען פערלאָרען געוואָרען אָהן צייט“?

צו דיזע פערברענטע דורך בלוטיגע האַנט —
געהערט אויך דער אַלטינקער גאַס־מוזיקאַנט.
פּרוּאוּוט זוכען אין די אַש, אָ, דאָרט איז נאָך פאַראַן
די גליהענדע אויגען פון עלענדען מאַן,
אָ, זעהט ווי זיי קוקען אַרויס פון דעם זשאַר
און ווינקען נאָך ראַכע, נאָך ראַכע דערפאַר.

אין גרענד סטריט ניט ווייט דאָרט פון סאָקער־שטיין׳ס סטאָר
זיצט טעגליך אַ בלינדער מיט גראָה־לאַנגע האָר,
גאַנץ טיעף אין זיין פּנים האָט, קענטיג, די נויט
דאָס שרעקליכסטע אויסגעקריצט: „שענקט מיר אויף ברויט“.
ער זיצט דאָרט און שפּיעלט דעם גוואַלדיגסטען שמערץ,
דאָך זעלטען ווען ריהרט עס איין מענשליכעס הערץ.

מאָריס ראָזענפעלד.

# די ליכט פּערקויפערין.

אין העסטער סטריט, נעבען אַ טעלעגראַף־סלופּ,
איין אָרימע פרוי זיצט דאָרט גלייך צו אַ טרופּ;
אַ ביינערנער פּנים און בלייך ווי דער טויט,
דאָך קענטיג די באַקען געווען אַ מאָל רויט;
נאָר וואָילטאָג, און פריינדשאַפט, און ליעבע, און פּראַכט,
זיי האָבען געוויס דאָס ניט חרב געמאַכט.
זי זיצט דאָרט, די בלייכע, פון וויינען האַלב בלינד,
איהר ברוסט ציהט אַ דאַרם, אַ פערמאָרעטעם קינד,
דאָס זויגט, און דאָס וויינט, און דאָך שלאָפט, און מיט וועה
שפּרינגט אויף דאָס סקעלעט'ל פון מאַמאַ'ס געשריי
קויפט ווייבערלעך, ליכטעלעך דריי פיר צוויי סענט,
אויף מיר אַזאַ מזל, ווי ליכטיג דאָס ברענט".

איהר סחורה איז ווינציג, איהר קערבעלע — קליין;
דאָך שטענדיג ערנעהרט זיך די שוואַכע אליין.
אין שנעע און אין רעגען, אין פראָסט און אין ווינד,
די אָרימע אידענע זיצט מיט איהר קינד.
זי האַנדעלט, און האַנדעלט אין צער און אין נויט,
דאָך האָט זי קיין היים, און קיין קלייד, און קיין ברויט;
אין אויסער דעם סלופּ אָט דעם שטומען, מיר שיינט,
פערמאָגט זי קיין קרוב, קיין נעהנטערען פריינד.
דאָך כאָטש זי איז עלענד, פערלאָזען און קראַנק,
פערלאַנגט זי פון קיינעם, און בעט קיין געשאַנק;
מיט שבת־ליכט האַנדעלט זי, זאָ ווי איהר זעהט,
דיזעלבע צו קויפען, איז אַלץ, וואָס זי בעט.

לכּבוד דעם שבת, דעם הייליגען גאַסט,
לויפט יעדער אין מאַרק מיט אַ שמחה מיט האַסט
עס טומלען זיך מענשען אַהער און אַהין,
דאָך ליגט די פערחשך'טע קיינעם אין זינן.

ווער דאַרף איהרע אָרימע ליכטעלעך, די פּאָר?
נאָך פליישׁ, און נאָך פיש, און נאָך וויין לויפט מען נאָר.
די שוואכע שטעלט אויס איהרע מאָגערע הענט:
„קויפט, ווייבערלעך, ליכטעלעך דריי פיר צוויי סענט!“
דאָך, ווער הערט איהר ריידען? — פערלאָרען ווערט דאָרט
איהר שטימע די שוואַכע, מען הערט ניט אַ וואָרט!
אַ חוץ די יתומה די קליינע אין שוים —
זי הערט מאַמאַ'ס שרייען, דאָך וואָס קומט אַרויס?

מיט וואָס האָט דען אייגענטליך, זאָגט מיר גענוי,
געזינדיגט די אָרימע עלענדע פרוי?
דען טראָגט זי נאָך מעהרער פערברעכענס, אַ זאָגט!
אַ חוץ איהר געוואַלדיגע נויט וואָס זי טראָגט?
איז טאַקי איהר איינציגע שולד געגען אייך,
נאָר דאָס, וואָס זי וויים ניט דעם סוד צו זיין רייך?
קיין אַנדערע זינד — וויים איך — האָט זי ניט — אַך!
דו פינסטערער דלות! דו שרעקליכע זאַך!
אָ, אָרעמקייט, עלענדקייט איהר זייט אַצינד
די גרעסטע פערברעכענס, די געוואַלדיגסטע זינד,
דורך אייך שטאַרבען טויזענדע מענשען אין גאַס,
איהר מאָרד־אינסטרומענטען פון הערשענדען קלאַס!...

איך בעט אייך: ווי לאַנג וועט נאָך האַנדלען אין גאַס
די עלענד־געבליבענע, קראַנקליך און בלאַס
ווי לאַנג קען זי ליידען נאָך הונגער און נויט,
זיך ראַנגלענדיג רק מיט דעם שרעקליכען טויט?
ווי לאַנג, אָ ווי לאַנג וועט די אָרימע ווייב
נאָך שפּייזען דעם נפש, וואָס ליגט ביי איהר לייב?
אַ מאָל פלעגט דאָס קינד כאָטש דערשלינגען אַ טרער,
דאָך איצט — מאַמאַ'ס אויגען, — זיי וויינען ניט מעהר...
ניטאָ מעהר קיין טרערען, דער מח איז לעער,
דאָס הערץ איז צובראָכען, דער אָטהעם איז שווער,

די ליפּען נאָר מורמלען נאָך קוים אוים מיט וועה:
„קויפט שבת-ליכט, ווייבערלעך, קויפט כאָטש א צוויי!"

אין העסטער סטריט, שטיל און פערלאָזען אליין,
אַ יתום'ל שטעהט דאָרט, אַ קערבעלע קליין,
דערביי זיצט אַ קאַלטער, פערגליווערטער טרופּ,
די אָרימע סוחר'טע נעבען אַ סלופּ.
דערהויילע האָט קיינער בעמערקט נאָך דעם מת,
עס זיינען די רייכע פערטהאָן מיט דעם פּ ר ע ס;
היינט וועט רעדט די פּ ר ו מ ע די כשר'ע לייט,
זיי האָבען געזוים ערב־שבת קיין צייט.
אַזוי איז די סצענע אַוועק ניט בעטראַכט,
ביז לאַנגזאַם און שטיל איז געקומען די נאַכט,
געקומען איז אויך, פון דעם הייליגען זבול,
די בת־מלכה שבת, איצט געהט מען אין שול.

אין שול איז איצט ליכטיג, און ציכטיג, און פיין,
דער חזן זינגט זים, אלע הערען זיך איין,
דאָס וואָס איז די מנורה אזוי ווי אין טרוים
די ליכט, וועלכע שטעקען דאָרט, שמינקלען זיך קוים!...
די ליכטלעך — זיי זיינען דאָך, ווייסטו עס ניט
דער פרוי'ס, וואָס איז פריהער געשטאָרבען אין סטריט.
דאָס האָבען די רייכע, די פרומע געבראַכט,
פיר איהר מיט איהר קינד דאָ צו ברענען די נאַכט. —
די רייכע, די פרומע זיי ווייסען די פפליכט,
זיי צינדען דאָס אָן דער געשטאָרבענער'ס ליכט,
די רייכע, די פרומע, וואָס אַרט זיי אַ גוף
נשמות — דאָס, זעהט איהר, דאָס הייבען זיי אויף...

אָ, הייליגע ליכט! איהר זייט עדות אַצינד,
די נויטה האָט דערשלאָגען דאָ מוטער און קינד,
אז דאָ, וואו מיליאָנען פערניצט מען צום שפּאַס,
דאָ לאָזט מען פערהונגערען מענשען אין גאַס!

אויף כבוד, אויף לוקסוס, וואו גאָלד ווערט פערוועגדעט,
איז פיר דעם געדריקטען פערשלאָסען די הענט.
בעהאַלט אייער פלאַם, אָ, איהר הייליגע ליכט,
ביז יענעם אַלמעכטגען טאָג פון געריכט!
און דאַן פאַר גערעכטיגקייט, הימלישען טהראָן,
איהר ריינע נשמות־ליכט דאַן צינד זיך אָן!
און זאָל אייער פלאַם זאָגען עדות אויף דעם
און זאָל ער פערדאמען די פאלשע סיסטעם.

מ. ראָזענפעלד.

## די נאַטור צום אַרבייטער.

בין איך ניט שעהן פאַר דיר?
האָב איך קיין חן פאַר דיר
פעהלט מיר דען גוטינקייט?
דיר פעהלט נאָר מוטיגקייט —
האָב נאָר פערלאַנגסקראַפט,
האָב נאָר פערלאַנגענסקראַפט,
ווערסטו בעגליקט.
איך שטעל די ברוסט דיר אוים,
קומסט און געניעסט דעראוים
שטאַרקייט און פעטיגקייט.
פיהלסטו אַ זעטיגקייט,
ווערסטו ערקוויקט.

דו ביסט מיין נעהענטעסטער,
דו מיין בעקאַנטעסטער —
ליידסט מיינע שטורמס אָפּט,
שלייפסט מיינע פורעמס אָפּט,
גלייכסט מיינע קרומקייט אוים,
היילסט מיינע שטומקייט אוים,
דולדעסט מיין רים.
דו טאָרסט ניט ליידען דאָ,

דו טאָרסט ניט מיידען דאָ,
אלץ, וואָס קען לוינען דיך.
אלץ וואָס קען קרוינען דיך —
קום און געניס!

מאַכסט מיינע פוסטיגקייט
פול אָפט מיט לוסטיגקייט,
העלפסט זיך מיך גרעסערען
אָפט און פערבעסערען —
דו האָסט דאָס רעכט ביי מיר,
דו ביסט קיין קנעכט ביי מיר —
דו ביסט מיין הערר.
וואָס טויגען טובות דיר?
נעהם דיינע חובות דיר!
זעה ווי געצירט איך בין!
וואָס פאר אַ גביר'טע ך'בין —
בעטעל ניט מעהר.

ווער קען דען דינגען דיך?
ווער קען דען צווינגען דיך,
ליבליכער מאַן מיינער?
פריי ווי דער פלאָם מיינער,
פריי ווי דער פלאַן מיינער,
פריי ווי דער ים מיינער
זיי פון איצט אָן.
קנעכט צו זיין שעם זיך דאָך!
מענש צו זיין נעהם זיך דאָך!
אוים אונטערטעניג זיין!
דו זאָלסט מיין קעניג זיין!
קום אויף מיין טהראָן!

מ א ר י ס ר א ז ע נ פ ע ל ד.

## צו די זאַטע פּאָעטען.

בריות זייט איהר עס צו זינגען
אין אַ וואַלד געווירציג גרין.
פּרואווט נאָר זינגען אין פאַבריקען,
ביי דער רוישענדער מאַשין.

פּרואווט נאָר דאָרטען זיך צוזינגען,
אין דעם פּאָראָך, שמוץ און שטויב,
וואו די רעדער ראָוועך, ברומען
און די מענשען — זיינען טויב.

גוט איז אייך צו זינגען ליעדער
פול מיט לוסט און לעבענס־שיין,
ווען די הערצער זיינען זעטיג
און די קעפּ בערוישט פון וויין...

פּרואווט נאָר זינגען אין אַ צימער,
וואו די לופט איז קאַלט און נאַס,
ווען אייך פּויקט רק אין די שויבען
דער געטומעל פון דער גאַס.

זיינען ליעדער אין מיין עלענד,
איינזאם ווי אין פעלד אַ שטיין...
זינגען פרעהליך, ווען דאָס הערץ מיינס
ווערט צוריסען פון געוויין...

בריות זייט איהר עס צו זינגען
אין א וואלד געווירציג גרין.
פּרואווט נאָר זינגען אין פאַבריקען
ביי דער רוישענדער מאַשין.

ה. ראָזענבלאַט.

## אויף א פולע וואָך.

ווידער ארבייט, ווידער שאַפען,
ווידער דרעהען די מאַשין,
ווידער קנעכטען, ווידער שקלאַפען,
ווידער אַרבייט אָהן א זינן...

וואַרף זיך גיכער, דרעה די רעדער,
די מאַשין איז גוט געאוילט.
ארבייט, אַרבייט נור כסדר,
ניט געשטאַנען, ניט געפוילט...

האָסט דו נאך א גאנצען אבר?
האָסט דו נאָך אַ טראָפּען בלוט?
ארבייט, ארבייט ביז׳ן קבר!
ניט געשטאַנען, ניט גערוהט.

קענסט דו נאָך אַ האַנד אויפהויבען?
קענסט נאָך פלאנטערען מיט די פיס?
אַרבייט, אַרבייט איז דיין לעבען —
אַרבייט מאַכט דאָס לעבען זיס...

ה. ראָזענבלאַט.

## די געזונקענע.

א פינסטערע נאַכט, אַ טומאַנע,
דער וועטער איז שוויריג און נאַס,
דאָך זעהט, די פערשטויסענע לוסי
ערשיינט אויך אצינד אויפ׳ן גאַס.

זי פיהלט מיט דער נאַכט זיך גאנץ היימיש
אזוי ווי איהר וואָלטען בעוואכט
די שווארץ־מעלאנכאָלישע שאָטענס,
וואָס בלאָנזשען ווי זי ביי דער נאַכט.

דען צווישען די בלאָנזשענדע שאָטענס
איז זי דאָך ניט איינע אליין —
דאָ בלאָנקען זיך אום איהרע „פריינדע"
וואָס זוכען איהר וואָלוועלען חן...

דאָך ליעב איך די עלענדע ל ו ס י
(כאָטש זי און איהר האַרץ איז פון אייז)
פיעל מעהר אלס די רייכע, וואָס איין מאָל
פערקויפט נור איהר לייב פאַר אַ פרייז.

די אָרימע ל ו ס י פערדינגט נאָר
פאר ברויט איהר געשענדעטען לייב,
און טראָגט ניט קיין מאַסקע פון צניעות —
ווי י ע נ ע „געזעצליכע" ווייב...

ה. ר אָ ז ע נ ב ל א ט.

# דער אויסגעדיענטער שקלאַף.

האָט ווילען געפעהלט מיר, צו איינפאַך פערשטאַנד,
צו האָט מיך דערשלאָגען דער הונגער, די נויט ?
איך האָב געלאָזט רויבען מיין הויז און מיין לאַנד,
איך האָב געלאָזט נעהמען פון מויל מיר דאָס ברויט
און אלץ, וואָס געשאַפען מיין אייגענע האַנד !

מיין טאָכטער פערדונגען די פינסטערע נעכט —
צו עוויגען עלענד, צו העסליכער שאַנד,
די זיהן מיינע זיינען פון קינדהייט אָן קנעכט —
זיי האָבען גע'ירש'ענט דעם פאָטערס פערשטאַנד,
זיין פינסטערען זינן וועגען פרייהייט און רעכט.

מיין קאָפּ איז שוין גראָה ווי געפאַלענער שנעה,
די אויגען שטאָק־בלינד ווי די הערבסטליכע נאַכט.
מיין רוקען געבויגען, צובראָכען אויף צוויי...
אַ בעטלער, ווער נעהמט עס איהם איצטער אין אַכט.
און ווער וויל דען וויסען איין אָרימאַן'ס וועה ?

אַ שקלאַף, וועלכער האָט שוין זיין צייט אויסגעשאַפּט,
דער וועלט אָבגעדיענט שוין זיין גאַנצען טערמין,
אַ שקלאַף, וואָס האָט לאַנג אויסגענוצט שוין זיין קראַפט,
אין שקלאַפען־פאַבריק ביי דער מאַרטער מאַשין,
אַ וויינטרויב, וואָס האָט שוין אין זיך ניט קיין זאַפט.

אָ, שענקט אַ נדבה, אויב איך נאָר ניט פעהלט
איין איידעלער ווילען און ליעבע א טראָפּ,
אַ מענשען, וואָס האָט שוין זיין רייכטום פערטיילט,
אַ גרויסען בעל־צדקה, אַ וועלט־פילאַנטראָפּ —
זיין רייכטום פערמאָגט איצט די גרויזאַמע וועלט.

מיין טאָכטער פערדונגען דער העסליכער שאַנד...
מיין פרוי איז פון הונגער און עלענדקייט טויט,
בערויבט איז מיין פרייהייט מיין הויז און מיין לאַנד,
עס שניידען דאָך פרעמדע, וואָס איך האָב געזייהט...
און איך שטרעק נור אויס נאָך נדבות די האַנד.

ה. ראָזענבלאַט.

## דאָס שיף דער פרייהייט.

שטיל אויף דעם ים ווי אויף אַ שטילען בית-עולם
צווישען אַלטע פערלאָזענע קברים.
דאָך קענען מיר, אַלט־געניטע מאַטראָסען
די שטילקייט, וואָס הערשט פאַר אַ שטורם.

מיר זיינען אין שטורם געבאָרען געוואָרען
און זיינען געניט און ערפאַהרען.
מיר האָבען געזעהן שוין דעם ים אין זיין צאָרען,
מיר קענען דעם שטורמ׳ס געפאַהרען.

עס האָבען ניט איין מאָל געדיכטע טומאַנען
אין מיט פון דער נאַכט אונז געפאַנגען.
דער ווינט האָט ניט איין מאָל פערלאָשען דעם לעמפּעל,
וואָס איז אויף דעם מאַסט־בוים געהאַנגען...

עס האָבען ניט איין מאָל די ועגעל געליטען
פון שטורמ׳ס פערציקענדע ציינער
דער ים האָט ניט איין מאָל דאָס שיף אונז פערשליידערט
אויף פעלזען, אויף בערג און אויף שטיינער...

די מאַסטען געבויגען, די זעגעל צוריסען,
דער שטורמאַן — ביים רודער פערמאַטערט,
דאָך אימער האָט שטאָלץ אויף דעם פאָדערשטען מאַסטבוים
דער באַנער דער פ ר י י ה י י ט געפלאַטערט...

עס קענען די ווינדען דאָס שיף אונז פערהאַלטען,
די נאַכט — אונז פערשטעלען די וועגען.
דאָך פיהרט אונז די װארהײט, װאָס דינט אונז אַלס קאָמפּאַס,
אהין... צו די פריעדליכע ברעגען.

אט דאָרט, וואו עס ברענט אויף דעם לייכט־טורם עוויג
דער פייער פון ליעבע און טרייהייט,
און רופט פון דעם ים די פערבלאָנזשעטע שיפען
צום לאַנד פון דער ע ו י ג ע ר פ ר י י ה י י ט...

* * *

שטיל אויף דעם ים ווי אויף א שטילען בית-עולם
צווישען אלטע פערלאָזענע קברים.
דאָך קען, אונז מאַטראָסען, די שטילקייט ניט נארען,
די שטילקייט — דאָס ווייזט אויף א שטורם...

ה. ר אָ ז ע נ ב ל א ט.

## מיין אידעאַל.

אַך, וואָס זיפּץ איך דאָס און יאָמער,
דאָ אין וויסטען יאָמערטהאל ?
וואָס בעגעהר איך, און וואָס וויל איך,
ווען איך האָב דיך, אידעאַל.

וואוהין איך שלעפּ זיך, ווען איך וואַנדער,
וואו איך וואָגעל, איבעראל,

ווען זוך איך און ווער פעהלט מיר,
ווען איך האָב דיך אידעאל ?

ווען פֿרום מיר הויבט אָן דונקלען,
און פערשטיקט דעם לעצטען שטראהל,
אַך, פֿאַר ווען האָב איך פּחד,
ווען איך האָב דיך, אידעאַל.

און אפילו ווען דער יאַך ווערט
אונערטרעגליך און איך פֿאַל...
לאָז איך דאַך דער וועלט איין עשרות
דיך, אָ, פֿרייהייטס־אידעאַל !...

ה. ראָזענבלאַט.

# דער מאַי גלאָק.

לאָזט איבער די מינען, פערלאָזט די פֿאַבריקען,
געגוג אין די פינסטערע טורמעס זיך שטיקען,
און שאַפֿען, און בויען, און וועבען, און שטריקען,
און שמידען דער וועלט איהרע גאָלדענע גליקען.
אַט הויבט אויף די פּייכטע, פֿערואומערטע בליקען
בעטראַכט נור מיין שעהנקייט — איך קום אייך ענטציקען,
איך קום אייך די הערצער די קראַנקע ערקוויקען,
איך קום אייך בעפֿרייען, איך קום אייך בעגליקען.

---

ווי לאַנג וועט איהר לאָזען זיך קוועלען און פּלאָגען;
ביז ווען וועט איהר טרייבען די רעדער און יאָגען,
און מעסטען און וועגען, און שלעפּען, און טראָגען,
און גיהן געשפּאַנט ווי די אָקסען אין וואָגען,
און אימער נאָר זוכען אייער שיקזאַל בעקלאָגען,
און וואַרטען ביז ווער זאָל אייך קומען און זאָגען :
„די שטונדע פֿון פרייהייט האָט פון זיך געשלאָגען,
איך ברענג אייך אָהן מיה די ערלעזונג צו טראָגען“ !

איהר מוזט זיך פאר איין מאָל מיט פעסטקייט בעשליסען,
און טאַקטיש, און פאַקטיש מיט ריינעם געוויסען,
ווי שטראָמען אין איין אָקעאַן זיך פערגיסען —
ערשט דאַן קענען ווערען די קעטען צוריסען,
ערשט דאַן וועט מיין פריעדענס־פאָנטאַן פאר אייך פליסען,
ערשט דאַן וועט מיין ליעבע די וועלט אייך פערזיסען,
ערשט דאַן וועט איהר קענען מיין פרייהייט געניסען,
ערשט דאַן וועט איהר מעגען מיך יובלענד בעגריסען !...

ה. ר ו י ז ע נ ב ל א ט.

---

## מאַי - געזאַנג.

איהר האָט מיין בליהענדע בלומען צוטראָטען,
פערניכטעט מיין הערליכען צוועט.
איך האָב מיר פערבאָטען אין הערליכער שעהנהייט
זיך ווייזען אין אייערע שטעדט.

איהר לעבט אונטער פינסטערע וואָלקענס פון רויך
אין שטענדיגע רויש פון פאַבריק,
איהר זעהט מיך ניט שוועבען אין הימלישער רייכטקייט,
איהר הערט ניט מיין פריהלינג־מוזיק.

און אייערע שווערע געמיטהער די ווערען
נאָך שווערער געלאָדען מיט בליי.
פון אייערע מוחות ווערען לאנגזאַם פערשוואונדען
די זיסע זכרונות פון מאַי...

דאָך וויל איך ניט לאָזען אין גאנצען פערניכטען
מיין הערליכע שעהנהייט און פראַכט,
איך וויל זיך כאָטש ווייזען צו אייך אין חלומות
פון שטילער און פריעדליכער נאַכט...

איך וויל זיך אנטפלעקען צו אייך ווי א נביא
אין אייער פעראומערטען שלאָף,

אַ־יך לערנען די בליהענדע וועגען צו פרייהייט
איין ווייזען דעם אָנהויב פון סוף.

איך וויל זיך בעווייזען אין שרעקליכער כמאַרע
אין וויטהענדען, בליצענדען שטראַהל;
דאָך ווערט ניט ערשראָקען, ווען איך זאָל דערלאַנגען
מיט איין מאָל מיין דאָנערענדען קנאַל...

דער דונער צורייסט נאָר די פינסטערע וואָלקען,
וואָס הענגט ווי געפרוירענע בליי
און וועט דערזעהען מיין הימלישע שעהנהייט
די אמת'ע פרייהייט פון מאַי...

ה. ר ו י ז ע נ ב ל א ט.

---

# די נעהטאָרין.

די באַקען דאַר, די ליפּען בלאַס,
און דער שטערען פון שוויס איז נאַס;
צום מאַשין איהר קאָפּ געבויגען,
מאַט דער בליק אין איהרע אויגען —
זי זיצט און נעהט, און נעהט, און נעהט —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ ווינטעל דורכ'ן פענסטער וועהט...
ער ברענגט מיט זיך אַ שטראַהל אַריין
און פלעכט אין איהרע האָר איהם איין....
ער קיהלט איהר קערפּער, וואָס איז מיעד
פון דער ארבייט... רוימט א ליעד
„דיין נאָדעל — קליין, און זויגט דיין בלוט,
„און רויבט פון דיר דיין קראַפט און מוטה.
„די מיינסט — אין לייוואַנד איז דער שטאָף?
„דאָס איז דאָך אין דיין האַרץ אַ לאָך!
„עס דרעהט דאָס רעדעל, קלאַפּט און קלאַפּט,
„די זאַפט פון דיינע ביינער צאַפּט!
„אין הארצען גריז'ט, די ברוסט זי דאַרט,

איך זאָג ווער האָט דיר דאָ פערנאַרט?
„נור הויב די אויגען אויף און בליק:
„די גאַנצע וועלט איז פול מיט גליק!
„עס שפּראָצט און וואַקסט און לעבט און בליהט
„און זינגט און קלינגט און דופט און גליהט
„און לויפט און שפּרינגט און שיינט און שטראַהלט
„און ברויזט און רוישט און הילכט און שאַלט
„דער פריהלינג געהט מיט יוגענדס קראַפט,
„בעלעבט, בעפרישט, בעגליקט, בעשאַפט!
„און זעה ארום, אי ווייט אי ברייט:
„ניטאָ קיין צוים, ניטאָ קיין קייט!
„און אלעם האָט אַ פרייען וועג
„און טהוט וואָס וויל און אלעם מעג...
„נור דו... אַך, דו נור זיצסט פערשפּאַרט,
פערצאַמט, פערקלעמט, פערשמאַכט, פערדאַרט!...
ענטלויף מיט מיר צום שפּיץ פון באַרג
„און קום אַראָב: עס איז ניט קאַרג!
„די מוטער־ערד שטרעקט דיר איהר ברוסט
„און רופט צום לעבען דיך און לוסט!
„דער קאָרען־ים איז באַלד שוין רייף —
„נור האַלט אין האַנד די קאָסע שטייף!
„ניט זאָרגט דאָס גראָז, ניט זאָרגט דאָס בלום,
„אייך דו ניט זאָרג! אַך, קום,! אַך, קום!..."

— — — — — — — — — — — —

דער ווינטעל וועהט, דער ווינטעל רוימט,
און רופט און בעט און גלעט און טרוימט...
א פויגעל לויפט געשווינד פערביי
און, דאַכט זיך, זאָגט איהר: איך בין פריי!
אַ זשוקעל זשומט און פלאַפּעלט הויך,
ער לאַכט פון איהר דער זשוקעל הויך!
טויזענדער דרינגען דורכ'ן פענסטער
פריהלינגס־קלאַנגען, ווי געשפּענסטער;

שפאַרען איהר אין האַרץ מיט כח,
און פערטומלען איהר דעם מח;
צינדען איהר די בלוט מיט פלאַמען,
ברענען, רייסען, ציפּען, סם'ען...
ס'בענקט איהר האַרץ און וויינט און וועה'ט

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זי איז געשמידט!... אין נעהט און נעהט!...

ש. קאַטלער.

## אויפ'ן בית עולם.

אין א שוואַרצען פינסטער מאַנטעל
ציהט זיך אָן די נאַכט,
און איך געה אויפ'ן בית עולם
עלענד שטיל פערטראַכט.

ד'טראַכט פון פיעלע פרייהייטס קעמפּפער,
וועלכע ליגען טוידט,
ד'צייל די קברים, וועלכע זיינען
ווייט ארום פערשפּרייט.

ד'צייל און צייל און ווער פערטומעלט,
ד'צייל זיי נאָך אַ מאָל
אָך, אומזיסט — די קברים זיינען
אָהן אַ שיעור, אָהן א צאָהל.

שטיל פערצווייפעלט האַלז איך, קוש איך
יעדען קאַלטען שטיין,
איינזאַם, עלענד, געה איך, בלאַנזשע
און איך וויין און וויין.

דאָך עס ווערט מיר לייכטער, גרינגער,
ווען איך זעה ארום,
ווי פון יעדען קבר בערגיל
בליהט ארויס אַ בלום.

ב. ראַזענבלום.

# אבענדס - געדאַנקען.

שוין ווידער אַ טאָג אין מיין לעבען פאַראיבער,
שוין ווידער ווערט דונקעל, עס קומט אָן די נאַכט;
איך געה פון דער אַרבייט אָהן כוחות, פערמאַטערט;
איך שלעפּ זיך פּאַמעלעך פער׳חלומ׳ט, פערטראַכט.

די זון זינקט אין מערב-זייט ביסלעך ווייז ניעדער,
די שטראַהלען די לעצטע זיי נעהמען באַלד אָבשייד;
די גאַנצע נאַטור, ווי זי וואָלט געוועזן שלעפ׳ריג
און אָברוהען לייגט זיך פערמאַטערטערהייט.

עס ציהען די שאָטענס ווי דונקעלע שלייערס —
פערהענגען דעם הימעל, בעהאַלטען דאָס ליכט;
עס בלאָזט מיר אַ קיהלענדער, פרישינקער ווינטעלע
גלייך אין ברענענדע הייסע געזיכט.

איך ליעב דיך, דו קיהלענדער, שטילינקער ווינטעל
מיין איינציגע טרויסט און מיין לעבען ביזטו! —
איך אַרבייט געדולדיג, דעם גאַנצען טאָג האָפּענדיג:
באַלד קומט שוין די שטונדע פון פרייהייט, פון רוה.

וואָס בין איך אזוי אומעטיג — לאָז מיך צופריעדען!
איהר שווארצע געדאַנקען, גענוג שוין געפּלאָגט.
אָך, לאָזט מיר איין שטונדע פערגעסען די צרות,
צו האָב איך נאָך וועניג געיאָמערט, געקלאָגט!

ב. ראָזענבלום.

---

# אויפ׳ן עולם האמת.

(אויס דעם לעבען פון די טויטע).

שוין זיינען די מתים פון דאַוונען געקומען
אין קיטלען אין ווייסע געקליידט.
און זיינען בשלום אריין אין די קברים,
נאָך איידער דער האָן האָט געקרעהט.

שוין שלאָפען די טויטע פון גאַנצען בית עלמין,
צופריעדען מיט זיך און דער וועלט;
דאָך שטעהט נאָך אַ בר'מנן צווישען די קברים
און קאָכט זיך און זידעלט און שעלט:
„ארויס פון מיין קבר, דו שייגעץ, דו חצוף,
ווי קומסטו אהער — אויבען אָן?!
אין כאַפּערלעך שפּילסטו דאָ, וואָס? — דרך ארץ
פאַר מיר— פאַר דער גילדענער פאָהן!
געפעלט אייך א חוצפּה! אַ שוסטער זאָל קריכען
אין קבר פון חאַצקעל דעם גביר!
ארויס, דו קאַפּול, מאַרש! — צוריק אין דיין נאָרע
ביים פאַרקאָן, ווי ס'פּאַסט זיך פאַר דיר!
געפעהלט אייך א העזה, דאָס קען נור אַ שוסטער,
האָט קוים זיך אַ מקום דערטאַפּט!
העי, געהסט ניט מיט גוטען? — איך לויף שוין צום — פריץ..."
נאָר דאָ האָט דער מת זיך פערכאַפּט...
אַזוי האָט געדונערט רב חאַצקעל, דער עושר,
אַ מת אַ געזונטער, אַ כוואַט
— אויף בערקען דעם שוסטער, אַ קאַרליק, אַ חלוש
האָט שטאַרבען קוים כוח געהאַט...
דאָך ליגט ער זיך, בערקע, און ריהרט זיך פון פלעק ניט,
איז תקיף, ער איז אויפ'ן פערד;
עס הערט זיך פון קבר אַ דומפּפיגע שטימע
„ך'האָב דיך מיט'ן פריץ אין דרערד!
די מיינסט, אז דו ביזט נאָך אויפ'ן עולם השקר
און דו ביזט נאָך אַ שטאָדט-בעל־הבית?
אַ חשוב ביים פריץ, א קנאַקער ביים רבי'ן,
און פיהרסט נאָך גאַנץ קהל פאַר'ן נאָז?
— ווען דו האָסט בעראַבעוועט אָרימע כלות
— דיך האָט ניט געריהרט קיין געוויין
בע'גזל'ט אלמנות און בידנע יתומים,
— פערשאָלטען זאָל זיין דיין געביין!

דו מיינסט, ביזט נאָך פרנס, דאָס אויבערסט פון שטויסעל —
רב חאַצקעל, דער מלוה, דער גביר:
פון שטעדטעל די קישענ׳ס די לייכטער, די פאַנען
נאָך ליגען פער׳משכנ׳ט ביי דיר?
דיר געהען צו חלום אַמאָליגע יאָהרען,
ווען דו האָסט געשונדען פראָצענט,
און האָסט מיט אַ ווערקסעל אַ פאַלשען — דו גזלן! —
גערויבט ביי מיר מיינע פיער ווענט?
איצט דאַרפסטו אַ קבר? געה נעהם זיך מיין הייזעל,
אַ פוסטקע אַ חורבה ז׳עס יעצט:
שוין פסול פון לאַנג איז ביים טהיר די מזוזה —
דאָרט האָבען זיך שדים בעזעצט...
דו האָסט ביי מיין לעבען מיין הייזעל פערנומען,
דו פיינער, דו כשר׳ער איד!
איצט האָב איך דיין קבר — ס׳איז ריכטיג דער חשבון —
רב חאַצקעל מיר זיינען יעצט קוויט!"
רב חאַצקעל, ער שטעהט ביי זיין קבר און ציטערט,
עס וואַרפט איהם אַ צאָהן אָן א צאָהן;
עס גרוילט איהם און פייניגט אַ פינסטערע אימה,
עס זאָל ניט אַ קרעה טהאָן דער האָן!...
דאָך איילט זיך ניט בערל און לייענט דעם לייסטער
פון שווארצע, פון שרעקליכע זינד;
עס בורבלען די פאַרמעטענע ליפען, רב חאַצקעל׳ס
„אָ, וועה מיר, אָ וועה מיר און ווינד!"
און בערל ער לייענט און לייענט, און דורך די
מצבות צוטראָגט זיך זיין קול;
עס טרעפען די ווערטער פון שוסטער ווי פיילען
אין הארצען דעם פיהרער פון קהל.

* * *

ער שטעהט אַ געפלעפטער. אַ׳ן אָרימער עושר,
אין נאַכטליכע שאָטענס געהילט,
אַ מת, וואָס האָט נעביך זיין גאַנצעס פערמעגען —

זיין קבר פערלאָרען, פערשפּיעלט !...
נעהמט גאָר זיין עשירות, זיין תקיפות, זיין יחוס
און גיט איהם זיין אייביגע רוה:
זאָנסט ווערט ער פערלאָרען אין עולם התוהו —
קיין מת זאָל ניט קומען דערצו !...

* * *

איצט וואַלגערט אין שטויב זיך דער שטאָלץ פון רב חאַצקלען,
ער געהט שוין מיט סטירדעס ניט מעהר
ער רעדט שוין פון יושר, ער רעדט שוין פון רחמנות —
ער שיסט מיט די לעצטע געוועהר !...
דאָך טויט איז רחמנות ביי בערלען אין הארצען,
ר'איז טויב צו רב חאַצקעל'ס געבעט;
ער לאָבט זיך אין קבר מיט זיסער נקמה
און ענטפערט דעם גביר מיט געשפּעט:
„דיר פעהלט איצט אַ קבר, געה נעהם זיך מיין חורבה —
ס'איז דיינס, האָסט עס כשר פערדיענט !...
דו וועסט דאָרט, רב חצקעל, געפינען דיין גלייכען
געה, וואָהן מיט די שדים אַצינד !"
דאָך פלוצלונג פערשטומט ער, דער קול פונ'ם קבר,
עס הערט זיך אַ קרעה פון אַ האָן !...

—

אין חורבה איז יום טוב, עס טאַנצען די שדים:
זיי האָבען אַ טייערן גאַסט אויף'ן בוידים —
אַ גאַסט פון דער גילדענער פאָהן...

* * *

רב חאַצקעל'ס אלמנה, זי קומט חודש אלול
אין תשעה באַב יעטוויעדער יאָהר
און קלאַפּט אינ'ם קבר: „מיין מאַן! מיין נשמה!"
און יאָמערט און רייסט זיך די האָר!
און בערל ליעגט אונטען און קייכט פון געלעכטער —
עס געהט שוין איהם אָב גאָר דער כעס —

עס קייכען די מתים פון גאנצען בית עולם,
ווען בערל דערצעהלט זיי דעם שפּאַס...

—

ס'ווייסט עד היום קיינער, אז חאַצקעל איז צווישען
די שדים ביי בערלען אין הויז...
דאָס האַלטען די מתים בסוד — און איהר ווייסט דאָך —
א מת זאָגט פון חדר ניט אוים !...

יעקב מארינאָוו.

## ווי אַ פּראָלעטאַריער מופּט.

פון אַ טענעמענט הויז אין אַ טענעמענט הויז,
פון א קבר ארוים אין א קבר אריין ;
אָך, דעם קבר, דעם קבר פערבייט ער נאָר בלויז
די ענוים פון חבוט, דער מאַרטער און פיין
וועט אין קבר אין נייעם דער זעלביגער זיין !

* * *

אוועק איז דער ווינטער, דער פריהלינג קומט אָן
ער שפּאַנט מיט נצחון דורך וואַלד און דורך פעלד,
מיט בלומען בעקראַנצט ווי אַ זיעגענדער העלד ;
עס פלאַטערט זיין שטראַהלען-געפלאָכטענע פאָהן
אין בלאָען, אין זיידענעם הימעל־געצעלט.

—

עס זינגען איהם שבחים דורך נעכט און דורך טעג
די פויגעלעך, וואָס האָבען געשטומט אזוי לאַנג ;
„דער פעלד האָט בעשאָטען מיט רויזען זיין וועג ;
דער סאָד האָט געשענקט איהם אַ בשמים־געשאַנק ;
דער וואַלד האָט פערפאַסט איהם אַ יובעל־געזאַנג.

—

עס וועבט דאָס געזאַנג זיך פון פויגעל אין וואַלד
מיט בשמים און שטראַהל'ן אין א הייליגעם ליעד
וואָס רופט יעדע בריה צום גאָלדענעם פעסט

פון פריהלינג׳ס נצחון, פון פרייהייט און פריעד.
און ווי נאָר די ליכטיגע שירה ערשאַלט,
דאַן ציהען און פליהען פון בוימער און נעסט
צום נאַטור׳ס גרויסען יום טוב אונצעהליגע געסט!
עס ציהט אויך דער מענש פון זיין טענעמענט פעסט...

* * *

אָך, זאָגט מיר וואו שלעפט ער זיין מאָגערען לייב?
וואו שלעפט ער זיין אַרמוטה געשפאַנט ווי א פערד?
וואו שלעפט ער די קינדער, וואו שלעפט ער זיין ווייב?
אין וואלד? אויף׳ן פעלד, אויף דער יונג־גרינער ערד?
האָט ער אויך דאָס רופען פון פריהלינג דערהערט?

—

און ציהט ער אַצינד עס צום בליהענדען פלור
און וועט דאָרטען זיצען ביים פעסט אויבען אָן,
אויף דעם שוים פון דער יונג־אלטער מוטער נאַטור,
אין א גרינעם, מיט בלומען בעהאַנגענעם טהראָן
אונטער פריהלינג׳ס פון שטראַהלען געפלאָכטענע פאָהן?

* * *

פון א טענעמענט הויז אין אַ טענעמענט הויז,
פון א קבר ארויס אין אַ קבר אריין:
אָך, דעם קבר, דעם קבר פערבייט ער נאָר בלויז —
די ענוים פון חבוט, דער מאַרטער און פיין
וועט אין קבר אין נייעם דער זעלביגער זיין...

י ע ק ב  מ א ר י נ אָ ו ו.

## מיר ברעכען.

די אויגען פול צאָרען, פערגאָסען מיט בלוט,
די הערצער זיי שלאָגען מיט קראַפט און מיט מוטה
מיר שטעהען ב׳אַ הויכער, געמויערטער וואַנד
מיט האַמערס און אייזענס און לאָמען אין האַנד —
מיר ברעכען, מיר ברעכען!

די וואנד איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק
פערצאַמט אונז די וועגען צום לעבען, צום גליק,
פערשטעלט אונז די ליכטיגע שיין, און זי מאַכט
פון פרעהליכען טאָג אונז אַ טרויעריגע נאַכט, —
מיר ברעכען, מיר ברעכען !

און פאַלט פון דער שטיינערנער וואַנד ווען אראָב
אַ שטיין, צו אַ ציגעל — טרעפט ווען אין קאָפּ —
די איבריגע בלייבען דאָך שטעהן גאָר אָהן שרעק,
און אַרבייטען ווייטער, מען לויפט ניט אַוועק
מיר ברעכען, מיר ברעכען !

די אַרבייט דאַרף דויערן, די אַרבייט איז שווער !
פערזאַמעלט זיך ברידער, קומט אַלע אהער !
זאָל יעדערער צולעגען פעסטער זיין האַנד,
מיר וועלען די הויכע, די ריזיגע וואנד
צוברעכען, צוברעכען !...

## תחית המתים.

עס הויבט זיך אַלץ העכער און העכער
דער רוקען פון אונזערע ברידער ;
און גלייכער, און שטאַרקער, און שטראַמער אלץ ווערען
דעם יודענס צובויגענע גליעדער.

דער קאָפּ, וועלכער האָט צו דער ערד זיך געבויגען —
ער קוקט אין דער הויך איצט אַרויף ;
דער פּנים אין וועלכען א קינד האָט געשפיגען —
מיט שטאָלץ איצט בעלייכט ער זיין גוף.

ער קריכט ניט, ער לעקט ניט די האַנד, וועלכע שלאָגט איהם
ער ווייס דאָס ער האָט אויך אַ רעכט,
צו לעבען, צו שאפען, צו דענקען, צו קעמפפען,
ער פיהלט זיך מעהר ניט ווי א קנעכט.

פאר זיינע פערפאָלגער, און פיינדע, און דריקער
בויגט ער זיך ניט מעהר אין דרייען;
ער שטעלט זיך אַנטקעגען אַלס מיטגליעד דער מענשהייט
און לאָזט ניט אין פנים זיך שפייען.

ער נוצט אוים זיין קראַפט און זיין מאַכט, וואו ס'איז מעגליך
און שרעקט זיך ניט אָב פאַר דעם טויט
ער קעמפפט געגען פינסטערנים, קעמפפט פיר די פרייהייט,
קעמפפט געגען דלות און נויטה.

און דאָרט, וואו ער קען זיך נור פרייער בעוועגען
דאָ לאָזט ער זיך הערען און זעהן,
און העלפט דעם פראָגרעס אויף פערשיעדענע וועגען —
דער איד איז ניט דאָס וואָס געוועזן.

אננא ראפפאָרט.

## דער פרייהייטס-קעמפפער.

ער מעג אליין אין שטורם שטעהן,
זיין טהעטיגקייט וועט בלייבען;
איהם קען די נויט, און אויך דער טוידט
פון ווירקען ניט פערטרייבען.

ער מעג פון פיינד, און גוטע פריינד
פערשטויסען און פערשפעט זיין;
ער זעהט אויך היינט די זון, וואָס שיינט
פון פרייהייט וועלכע וועט זיין.

ער זעהט די וועלט פון ליעב און געלד
מיט האַס, און שפאָט, און קאַלטקייט;
ער קעמפפט אין פעלד, אַ יונגער העלד,
ער ווייסט ניט פון קיין אַלטקייט.

ער רייסט מיט רייד דעם שעהנעם קלייד
פון פאַלשקייט און פון ליגען,

ער קעמפּפט אין פרייד, אין שמערץ און לייד,
ניט דענקענדיג פון זיעגען.

איהם טרייבט דער דראַנג פון פאָלקס פערלאַנג
צו לעבען און געניסען;
דער האַס צום שלאַנג פון שקלאַפענצוואַנג,
פון מענשען אָהנע וויסען.

איהם יאָגט דער גייסט, וואָס ברעכט און רייסט
דאָס פוילענדע אין שטיקער,
וואָס שטעכט און בייסט און שטראָפט און שמייסט
דעם ווילדען אונטערדריקער.

איהם האַרט קיין שפּאָט פון לייט און גאָט,
ער וויל קיין לאַסט ניט טראָגען;
ער זוכט, און האָט, אַ ניי געבאָט
וואָס הייסט — ניט לאָזען פּלאָגען.

י. באָוושאָווער.

---

# אַ מאָנאָלאָג פון דער דומהייט.

אַך, ווי גוט מיר איז צו ליגען
ביי דעם ארבייטסמאַן אין קאָפּ,
ס'איז מיין בעסטער פערגעניגען,
קיין זאַך געהט מיר דאָרט ניט אָב.

עסען, עס איך זיין געהירען
(ס'איז אַ זעהר זיסע זאַפט),
אין דער שטיל — ער זאָל ניט שפּירען —
זויג איך אוים זיין דענקונגס־קראַפט.

כ'בין ביי קיינעם אונטערטעניג,
איך אַליין האָב דאָרט די מאַכט,
איך רעגיר דאָרט, ווי אַ קעניג,
ווייל עס איז דאָרט שטענדיג נאַכט...

ווי אַ פלעדער־מויז פאַרשפרייט איך
מיינע שוואַרצע פליגעל דאָרט,
און די פינסטערניש פערברייט איך,
כ'לאָז פאַר ליכטיגקייט קיין אָרט.

טאָמער קומט אַ שטראַהל געפלויגען
פון פערשטאַנד און וויל אריין,
ליג איך דאָרטען אויסגעצויגען
און איך שריי: „דער אָרט איז מיין...“

קריגט דער ארבייטער אַכאָטע
צום פערשטאַנד (אָ גאָט באַהיט!)
שריי איך, ווי אַ פראָש פון בלאָטע:
„הער, מיין פריינד, עס טויג דיר ניט!...“

און ווי דאַנקט מיר טהראָן און גלויבען
פאַר מיין הילף צו זייער ציעל!
איך, די דומהייט, העלף זיי רויבען,
טרייבען זייער טייוועל־שפיעל.

איך, די דומהייט, בין דער קירכעס
בלאַנקער, צוויי־געשאַרפטער שווערד,
נאָר דורך מיר, אָהן מיה, אָהן טרחות
רויבט זי זיך די גאַנצע ערד —

איך, די דומהייט, העלף פערפיהרען
אין אַ זומפּ דעם ארבייטס־מאַן.
כ'היים איהם דולדען די וואַמפּירען —
שאַפען אוצרות דעם טיראַן...

איך בין דאָס דער שוואַרצער שלייער,
וואס פערשטעלט די וועג צום גליק,
איך בין דאָס דער קאָפּ פערדרעהער,
כ'היים די מענשהייט געהן צוריק...

דאָך... איך ציטער... אַה, די צייטען....
עפּעס דוכט מיר... דוכט מיר אָב,
אַז דער ארבייטער וועט בייטען
מיך, זיין שכן פון זיין קאָפּ —

דען אין פּוסטען שוואַרצען מוח,
וואו איך הערש מיט ווילדער מאַכט,
דרינגט פערשטאַנד אַריין מיט כוח
און מיין שאָטען־טהראָן צוקראַכט...

י. באָוושאָווער.

---

## שפּריצען פונקען.

איך קען קיין ליעדער זינגען —
איך קען נור פונקען שפּריצען!
כ'וויל ניט פאַר'ן אויער קלינגען —
כ'וויל הערצער נור צוהיצען!

אַז איטליכעס האַרץ מיט כח
זאָל פאָרווערטס, ווייטער שטרעבען,
אַז יעדער יונגער מח
געדאַנקען נור זאָל וועבען!

אַז איטליכעס האַרץ זאָל גליהען
מיט הייליג־פרייען פלאַקער,
אַז יעדער ג'דאַנק זאָל בליהען
און וואַקסען שטאָלציג, וואַקער!

אַז זידען שטענדיג זאָל דאָס בלוט —
צום קאַמפּף נור שטויסען, צו דער שלאַכט,
אַז שטאָלציג, דרייסט, מיט העלדענמוטה
זאָל מען פערטרייבען אונזער נאַכט.

* * *

אַה, ליעבער, מיר האָבען געשלאָסען
אויף לעבען און טויט אַ פערבאַנד,
מיר שטעהן אין שלאַכט ווי געגאָסען,
די פאָהנע די רויטע אין האַנד.

און טרעפט דיר אַ קויל, מיין געטרייער,
אַ קויל פון דעם שונא — דעם הונד,
איך טראָג דיך אַרויס באַלד פון פייער
און הייל דיר מיט קוסען די וואונד.

און ביסטו דו געפאַלען אַ טויטער,
די אויגען די ליעבע פערמאַכט,
איך וויקעל דיך איין אין דער פאָהנע דער רויטער
און פאַל אין דער בלוטיגער שלאַכט.

מ. סאַרעוויוּעס.

## דער גייסט פון פאָלק.

ווען דו זעהסט דעם גרויסען טייך,
ערטער קרום־ווייז, ערטער גלייך,
ווי ער שניידט זיך שטאָלץ אַ וועג
צו בעשטימטען ווייטען צוועק —
ווייסטו וואו צוערסט געבאָרען
איז דער שטאַרקער טייך געוואָרען?
ערגעץ־וואו אין בערג בעהאַלטען,
פון צווישען פעלזען־שפאַלטען
רינט אַ וואַסער׳ל און פאַלט,
פונ׳ם זונען־ליכט בעשטראַהלט...
בליאַסקעט, פונקעלט און זיך דרעהט,
ווי גאָלד־געשמידטע קייט.
באַלד אַהין און באַלד אַהער,
וואַקסענדיג אַלץ מעהר און מעהר...
פלוצלינג ווערט ער גאָר פערפאַלען
פון די העלע זונען־שטראַהלען,

נעלם ווערט אין טיעפען תהום.
דאָך, עס וואַקסט דער וואַסער־שטראָם,
וואו איהם קיינער זעהט און הערט
און זיין גבורה זיך פערמעהרט,
אין דער טיעפקייט פון דער ערד...

—

אַזוי געהט עס מיילען, מיילען,
און די וועללען זיך פערווייל׳ען
אין דער פינסטער, דאָך זיי איילען
אונבעמערקט און אין דער שטיל
אונגעשטערט צו זייער ציעל...
שטענדיג מעכטיגער און שנעלער,
ביז עס איז די צייט געקומען,
ווען מיט קולות און מיט ברומען
קומען זיי, אַ שטראָם אַ העלער,
פון דער טיעפער ערד אַרוים — שוין...

—

אין דער פינסטערניש פערבאָרגען,
נעהרט זיך לאַנג פון פאָלק דער גייסט,
פאָרטשריט מאַכט און פאָרווערטס שפרייזט
כ ל ו מ ר ׳ ש ט טויט שוין און דערוואָרגען,
קלויבט ער דאָרטען נייע קרעפטען,
וועלכע זאַמלען און בעהעפטען
זיך און מאַכען שטילערהייט
פאַר די צוקונפט זיך בערייט...

—

אין דער פינסטער אָבגעזונדערט,
פון יאָהרהונדערט צו יאָהרהונדערט
טראָגט דעם גורל ער דעם האַרטען,
לערנענדיג געדולדיג וואַרטען,
און די כוחות זיינע שפאָרט
ביז די רעכטע צ י י ט און אָרט...

דאַמאָלס שפּרינגט ער ווי אַ גבור
און מיט מוטה אַ וועג זיך ברעכט.
צייט פון שלאָפען איז אַריבער,
און דער ריעז פערלאַנגט זיין רעכט...

—

מאַכט איהם וואַרע... לאָזט איהם שטרעבען!
זיין צונויפגעדרעהטעס לעבען,
פון זיין ענגען שטייג דעם שמאָלען,
ווייל זיך פריי פאַנאַנדעררואָלען...
און די גאַנצע וועלט צוזאַמען
קען דעם פאָלקסגייסט מעהר ניט צאַמען,
ווען ער האָט פון זיינע יאָכען
זעלבסטבעוואוסט זיך לויזגעבראכען...

יהואש.

## נאָר מוטהיג פאָראויס.

נישט בעטלען, נישט בעטען!
נאָר מוטהיג אויפטרעטען!
עס קעמפפט זיך נישט שלעכט
פאר פרייהייט און רעכט.

נאָר קיינמאָל נישט קלאָגען!
דעם קאַמפף הויך געטראָגען!
נאָר מוטהיג פאָראויס,
געווינט איהר דורכאויס!

און שפּאָט איז די ראַכע
פאַר טרוסען, פאַר שוואכע:
ווער שטעהט ווי אַ העלד,
דעם בלייבט אויך דאָס פעלד.

עס וועט זיך שוין ווענדען,
עס מוז זיך שוין ענדען

צו אונזער גרויס גליק
ד׳רום קיינמאָל צוריק!

## פאָרוועָרטס!
(פון דייטש)

פאָרוועָרטס · פאָרוועָרטס! הייסט דער אויפגאַנג
וועלכער אונזער פאָהן בעשמיקט!
פאָרוועָרטס געגען יעדע משא,
וועלכע נאָך די מענשהייט דריקט!
פאָרוועָרטס, אַז אויף אונזער ערד זאָל
שטאָלץ דער פרייהייטס־טורם שטעהן!
פאָרוועָרטס, אַז אויף באַרג און בערגעל
זאָל די פאָהן פון פרייהייט וועה׳ן

ניעדער ד׳רום מיט דעם בעטריגער,
וואָס דער גייסט אין קייטען שמידט,
וואָס דאָס גיפט פון בלינדען גלויבען
אין די יונגע הערצער גיט,
וואָס דעם פונדאַמענט פון פרייהייט
אומעטום צוגראָבט, צושטערט,
וואָס, פערשפּרעכענדיג גן־עדן,
גנב׳עט צו ביי׳ם פאָלק די ערד!

זאָל דער גייסט אונז הערליך לייכטען,
אַלץ בעלעבען זאָל זיין שטראַהל,
און דאָס ריינע פאָרוועָרטס־שטרעבען
בליהען זאָל דאָ איבעראַל!
זאָל דער פינסט׳רער האָס די פעלקער
נישט צושיידען ווי די פיינד!
זאָל מען גערן אין יעדען מענשען
זעהען אַ ברודער און אַ פריינד!

ניעדער מיט דעם בייזען רויבער,
וואָס זיך גאָרנישט מאַכט פון נויט,

וואָס אין ליידיג־געהן באָדט זיך,
רויבט ביי'ם ארבייטער דאָס ברויט,
וואָס אין מאַרמאָרנע פּאַלאַצען
וויגט אויף קישענס זיך פון זייד,
ווען אויף פוילען שטרוי אין לעכער
וואלגערען זיך די ארבייטס־לייט!

פרייע מענער, ניט קיין שקלאַפען,
אויך ניט סחורה נאָר אַ שטיק!
גלייכע פפליכטען, גלייכע רעכטען,
יעדען קומט אַ טייל אין גליק!
דאָס דער ציעל, פאַר וואָס מיר קעמפּפען
ביז מיר האָבען עס עררייכט,
ביז פון דער צושטערטער קנעכטשאַפט
שטאַלץ די זונן פון פרייהייט לייכט!

— ד. פ.

# צווייי שירים.

(פריי נאָך הערוועגה)

1

אַ דוחק אומעטום אויף ברויט
פון שפּאַניען ביז אַרכאַנגעל.
איין האַלבע וועלט ליידט הונגערנויטה,
די אַנדערע שווערע מאַנגעל.

די שייערס וויסט, די פעלדער קאַרג,
דעם קיסר די מזומנים!
ער צופּט און שלעפּט אַ גאַנצען באַרג:
ער וויל נאָך מעהר יונים!

„אַהער דאָס געלד אויף פּולווער, בליי,
„אויף ביקסען און האַרמאַטען,
„אויף כל המיני שיסערייי,
„אויף נאָך און נאָך סאָלדאַטען!"

אין אלע גאַסען שרייט ער אויס:
„פאַרזעצט די לעצטע קיסען
„און רייסט ביי זיך אליין ארויס
„פון מויל דעם לעצטען ביסען.

„און שלעפּט דאָס געלד אויף פּולווער, בליי,
„אויף ביקסען און האַרמאַטען,
„אויף כל המיני שיסעריי,
„אויף נאָך און נאָך סאָלדאַטען!“

2

(אויס פריערידך פון סאַלעט)

און אויב איהר וועט מיין אויג שוין בלינדען,
וועט פינסטער ווערען די זונן דערביי?
און טהוט איהר מיך אין תפיסה וואַרפען, —
די וועלט וועט ווערען אָהן מיר פריי!

און אויב איהר וועט די האנד מיר בינדען,
וואָס שטרייט און שרייבט ווי מיט א שווערט,—
עס וועלען אנדערע שטרייטער קומען,
ווי באַלד דאָס פאָלק דעם טאָג בעגעהרט.

און אויב אפילו מיינע ווערטער
פערשטומען אין דער פינסטערקייט, —
עס וועלען אויפשטעהן אנדערע שטימען
און וועלען דונערן נאָהענט און וויט.

איהר וועט דעם זומער ניט פארטרייבען!
און מיינט ניט, אַז איהר האָט געזיעגט,
ווען איהר פאַר כעס אויף דעם זומער,
א הילכיגס פייגעלע דערשטיקט.

בן אהוד.

## ווינטער קומט.

די טעג ווערען קירצער און קעלטער,
די ערד ווערט פערזאומערט און עלטער,

דאָס גראָז ווערט פערוויאַנעט און געל.
עס פאַלען די בלעטער פון קווייטען,
יתומים׳דיג זעהען אויס בויטען,
ווייל אָסיען טרעט איבער דעם שוועל.
עס רעגענט יעצט אָפטער און מעהרער,
עס ווערען די פעלדער אַלץ לערער,
ביז אַלץ ווערט פערשוואונדען פון זיי.
די ווינטען, זיי פייפען און ברומען
און זאָגען דער וועלט אָן דעם קומען
פון ווינטער, פון דחקות און וועה.

ש ל מ ה ז. ר ו ב י ן.

# ד י  וו ע ב ע ר.

די פינסטערע אויגען , זיי טרערען שוין ניט;
זיי זיצען ביים וועבשטול און זינגען א ליעד:
„דייטשלאַנד, מיר וועבען תכריכים פאַר דיר,
א דרייפאַכע קללה אין זיי וועבען מיר —
מיר וועבען, מיר וועבען!

א קלאָג צו דעם אָבגאָט, צו וועמען מיר בעטען
אין שרעקליכע קעלטען, אין הונגער און נויטען!
מיר האָבען אומזיסט נאָר געהאָפט און געוואַרט,
עס האָט אונז געפיהרט פאַר׳ן נאָז און גענאַרט —
מיר וועבען, מיר וועבען!

א קלאָג צו דעם קיסר, דעם הערר פון גביר׳ען,
וואָס איהם וויל דעם ארבייטער׳ס צער גאָר ניט ריהרען,
וואָס רייסט פון אונז קריעה, די הויט פון אונז שינדט
און לאָזט אונז דערשיסען, דערשיסען ווי הינט!
מיר וועבען, מיר וועבען!
„א קלאָג צו דעם פאַלשען צבוע׳קישען לאנד,
אין וועלכען עס בליהען בזיון און שאַנד,

וואָס אָדעוועט ווערים און פוילקייט און מיסט,
און וואו יעדע בלום ווערט פערוועלקט און פערוויסט —
מיר וועבען, מיר וועבען!

„עס פליהט אום דאָס שיפעל, דער טיש טאַראַכט,
מיר וועבען, מיר וועבען דורך טאָג און דורך נאַכט —
אַלט־דייטשלאַנד! מיר וועבען תכריכים פאַר דיר,
אַ דריי־פאַכע כללה אין זיי וועבען מיר —
מיר וועבען, מיר וועבען!

ה י י נ ע.

## אָדם הראשון.

דו שיקסט צו מיר דאָס פייערשווערט
און פון גן־עדן טרייבסט דו מיך,
אָהן יושר און ערבאַרמען,
מיט הימלעשע זשאַנדאַרמען,

אין גלות מיט מיין ווייב און קינד
וועל איך מיך יעצט אומטרייבען.
נור וואָס איך האָב פון עץ הדעת,
דאָס וועט ביי מיר שוין בלייבען.

פערפאַלען, הערסט, איך וויים שוין גוט,
ווי קליין ביז דו און שפל,
קענסט מאַכען זיך ווי גרוים און בייז,
מעגסט דונערען כאָטש כפלים כפל!

אַ גאָט, ווי בזוי׳דיג איז דאָך
דיין גאַנצער פסק דין־תורה!
און דאָס איז נאָך דער הערר דער וועלט!
און דאָס איז נאָך דער בורא!

איך פיהל גאָר נישט, אז ס׳פאַראַדיז
האָב איך גאָר ווען בעטראָטען.

דאָס איז קיין ריכטיגער גן־עדן —
דאָרט זיינען די בוימער פערבאָטען.

איך וויל מיר די פרייהייט, די פרייהייט אין גאַנצען...
געפין איך נור עפּעס איין איסור,
איז פאַר דעם גן־עדן אַ גיהנם מיר
פיעל ליבער, פיעל ליבער און זיסער.

ה י י נ ע.

## דער פּראָלעטאַריער.

(פון ניקיטין׳ס „באָביל“ פריי איבערזעצט
צו זינגען מיט דער אייגענער מעלאָדיע).

ניט קיין הויז, ניט קיין היים,
דער פערמעגען — שמאַטעס...
לעב־זשע לוסטיג, אָהן זאָרג,
אכט ניט אויף די לאַטעס.

מיט די רייכטקייט דער גביר,
קען ניט רוהיג שלאָפען;
און דער שלעפער איז הייל,
זינגט זיך פרעהליך, אָפען.

ער שפּאַצירט מיט געזאַנג
און דער ווינט זינגט אונטער:
היט זיך רייכע פון וועג,
אָרעמקייט געהט מונטער.

קאָרן וואקסט פול ארום,
ס׳נויגען זיך די זאַנגען:
סווישטשע, שלעפער! דו וואלד,
האָרך זיך צו די קלאַנגען!

ווילסטו וויין, ווילסטו — ניט,
ווער וועט זעהן זיין קלאָגען?

פאַל אראָב נאָר ביי זיך,
וועט א הוהן דיך יאָגען.

ביזטו זאַט אָדער ניט,
טרייב אַוועק די זאָרגען;
מיט א שמייכעל, אַ וויץ
האלט דיין צער פערבאָרגען.

זאָל דיין צאָרן און מוטה
אויסוואָרצלען דעם דלות.
פוץ זיך אוים, גרייט זיך צו,
קעמפף — און דיינס איז אַלעס.

קעמפף, אויב ניט — ביז נאָך'ן טויט
וועסט אין דלות ליגען...
ווער עס קען — דער פערשטעהט
וואָס עס מיינט דער נגון.

ל. לעווין.

## נעגען שונא.

קומט אהער איהר אַרבייטס־מאַסען,
אַהער צו אונזער רויטער פאָהן!
קומט אַהער, איהר פעלקער, ראַסען,
פעראייניגט אייך צו איין נאַציאָן!
און די געטצען, און די געטער,
און די הייליג, אַלטע בלעטער
וואַרפט אַוועק! וואַרפט אַוועק!
מיר זיינען קינדער פון איין מאַמען,
נאַ לאָמיר אַלע נור צוזאַמען
געגען שונא שטרייטען.

נאָר איהר מוזט דאָך אַלע וויסען,
ווער דער שונא קען נאָר זיין,
וואָס ער טהוט נאָר בלוט פערגיסען

און טרינקט פון דעם בעסטען וויין:
דאָס זיינען רייכע פאַבריקאַנטען,

דאָס זיינען סוחרים ספעקולאַנטען
און נאָך ווער! און נאָך ווער!
און אויך דער קיסר מיט זיין באַנדע,
און די, וואָס פיהרען די קאָמאַנדע,
דאָס איז אונזער שונא!

קוקט אייך אום און זעהט איהר ברידער,
אונזער לאַגע גוט בעטראַכט
ווי מיר ברעכען אונזערע גליעדער
ביי דער ארבייט טאָג און נאַכט.
דאָך געהן יונגע — נאַקעט, באָרוועס,
דאָך געהן אלטע מיט די טאָרבעס,
אזוי פיעל, אזוי פיעל!

ניין, מען טאָר ניט שטעהען פון ווייטען,
מיר מוזען אַלע מוטהיג שטרייטען,
געגען ווילדען שונא!

דאַרום הויבט די פאָהן נאָך העכער,
ווער מיט אונז נאָר דענקט און פיהלט;
ווייל עס איז שוין אונזער בעכער
פול, מיט צרות איבערפילט.
נו הויבט אייך, ברידער, אָן צו גרייטען,
מיר וועלען אַלע מוטהיג שטרייטען.
אָדער טויט! אָדער ברויט!
מיר וועלען שלאָגען און פערטרייבען
אַז עס וועט קיין זכר בלייבען
פון דעם גאַנצען שונא.

ע ל ק א.

## און דו אַקערסט און דו זייסט.

(אויס גערהאַג הערוועגה).

און דו אקערסט, און דו זייסט,
און די פיטערסט, און דו נעהסט,

און דו האַמערסט, און דו שפּינסט —
זאָג, מיין פאָלק, וואָס דו פערדיענסט

וועבסט דיין וועבשטוהל טאָג און נאַכט,
גראָבסט אונז אייזען פון דער שאַכט,
ברייגגסט די שפע אונז אריין,
פול מיט תבואה און מיט וויין.

נאָר — וואו איז ד י י ן טיש געגרייט?
גאָר וואו איז ד י י ן יום־טוב קלייד?
נאָר — וואו איז ד י י ן שאַרפעס שווערט?
וועלכעס גליק איז דיר באַשערט?

שאַפט אונז אוצרות אָהן אַ שיעור,
אלעסדינג, נאָר ניט פאַר דיר,
און פאַר זיך האָסטו אין נויט
נאָר געשמידט אַ שווערע קייט...

מאָן דער ארבייט, אויפגעוואַכט,
און דערקען דיין גרויסע מאַכט!
ווען דיין שטאַרקע האַנד נאָר וויל,
שטעהען אַלע רעדער שטיל!...

## ביי׳ן בעל-הבית׳ס טהיר.

וואָס ביזט דו געפאַלען, מיין אָרימער ברודער,
וואָס שטעהסט דו ביי׳ן טהיר? ווי, דו וויינסט?
דיך האָבען ערשראָקען די ליכטיגע זאַלען,
דו וועסט זיי פערשמוצען, דו מיינסט?
אַ, אָרעמער ברודער! ניט שרעק זיך, נישקשה!
געה ווייטער און זעץ זיך אַוועק,
דו וועסט ניט פערשמוצען די גאָלד פון די זאַלען,
דיין זעעלע איז ריין, אָהן אַ פלעק!...
אוי, אָרעמער ברודער, אוי נאַרישער ברודער!

וואָס האָט דיר די אויגען פערבלענדט,
וואָס שטעהסט דו און קוקסט און בעטראַכט אלץ
פערוואונדערט,
וי האָסט ניט דיין ארבייט דערקענט? !!

אברהם רייזען.

## דער פרייהייטס-גלאָק.

א, וואָס קלינגט איהר, קירכען־גלאָקען!
הערט שוין אויף! גענוג געשראָקען
האָבען אייערע ווילדע טענער
אונזער אָרעמע וועלט!
אייערע טענער, דאַכט זיך, רופען
צו פערברענען מענשען־גופען
אויף די הויכע עשאַפאָטען,
וואָס איהר האָט געשטעלט!

אייערע טענער רופען הענקער
צו מאַרטירען יעדען דענקער,
יענעם קאָפּ אראָפּצוהאַקען,
וועלכער בייגט זיך ניט!
איי, איהר ווילט די וועלט פערוויגען,
מיט אַ טרויער־טויטען ניגון
און פערדעקען מיט אמאַנטעל
פון אַ יעזאיט!

ד׳האָב אַ נייעם גלאָק בעשאַפען,
צו ערוואַכען טויטע, שקלאַפען,
ניט אין קירכען, — אין דער לופטען
הענג איך איהם ארויף,
ניט צו שרעקען, נור צו וועקען
גאָר די וועלט אין אַלע עקען
קלינגט ער מוטהיג, רופט ער פריילך:
„שטעהט צו לעבען אויף!“—

## צו די דעמאָנסטראַנטען.

אַ ציה זיך! ציה זיך, ארבייטס־פאָלק,
אַ ציהט זיך ווייט און לאנג,
וועק אויף אין גאַס די טויבע לייט
מיט ליעדער און געזאַנג.
געה דורך די גאַס, געה דורך דעם מארק,
בעוויז, ווי גרויס דו ביסט און שטארק!

אַ ציה זיך, ציה זיך, ארבייטס־פאָלק,
און זינג, און קלינג און רוף,
פון טויזענד שוואכע, קראנקע לייט
ווערט איין געזונטער גוף,
א גוף, וואס קעמפפט מיט שטאָלץ און מוטה
און ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט:

אַ ציה זיך, ציה זיך, אַרבייטס־פאָלק,
דיין „אַרבייטס־ליעד" הויב אָן
מיט העלדענמוטה, מיט ריעזענקראפט
זאָל קלינגען יעדער טאָן.
ערמונטער יעדען שוואַכען פריינד —
זיך שרעקען זאָל דער שטארקער פיינד!

---

## דער יונגער פערברעכער.

דער קרעפּאַסטט — ער הויבט זיך אַ ריעז, אַ טיטאַן,
אויפ׳ן דונקעלען צפון דעם קאַלטען,
אין שנייענדען מדבר אין גרויסען טומאַן,
אין אייביגע וועלדער בעהאלטען.

אַ שרעקליכער ווינקעל! דאָ איז די נאַטור
אין גאַנצען כמעט אָבגעשטאָרבען,
פון שטעדט און קולטור איז ניטאָ דאָ קיין שפור.
דער מענש איז דאָ גראָב און פערדאָרבען.

דאָ איז נײַן מאַנאַטען די ערד אײַנגעפּרעסט
אין ים׳ען אונענדליכע שנייען,
דאָ טרעשטשעט די לופט אונטער פערציג גראַד פּרעסט
אין העלדישע ווילדע זאַווייען.

דער טורם — ער שטייגט אין די הימלען אַזש גרויס
דורך פינסטערע וואָלקען, און העכער,
און טיעף אין איהם איז ווי אַ לעבעדיג-מת
בעגראָבען אַ יונגער פערברעכער.

דער יונגער פערברעכער, — מען האָט איהם אהער
פערשטויסען פון ווארעמע קאַנטען,
געקלעמט און געגאָלט און געשמידט זעהר שווער
אין ווילדען עטאַפּ אַרעסטאַנטען.

מען האָט איהם אַזוי ביז אַהער אַזש געשלעפּט,
פיעל טויזענדער מיילע געטריבען
פון דאָרטען, וואו אַלעם עס בליהט און עס לעבט,
און מענשען — זיי פליהען און ליעבען.

א זעלטענער אינגעל, איהם האָט זיך געדוכט
גאָר נעבעך משנה׳דיגע זאכען,
ער האָט פאר דער וועלט עפּעס מיטלען געזוכט,
ניט אַנדערס איהר גליקליך צו מאַכען.

נאָר אָט-וואָס נאָך איידער עס האָט איהם בעגליקט
אָט טאָקי די וועלט צו פערזאָרגען:
גאָר האָט מען, פערשטעהט זיך, איהם פּלוצלונג פערשיקט
אין איינעם א שלעכטען פריהמאָרגען.

מען האָט איהם פערשיקט אַזש אין סאַמע עק וועלט
אויפ׳ן שרעקליכען צפון דעם קאַלטען,
און ערגעץ געהיים אויף אַ קייט דאָ געשטעלט,
אין פינסטערען טורם בעהאַלטען.

ער שטעהט אויפ׳ן קייט, ווי א משוגע׳נער הונד.
און יאָהרען, די בליהענדע יאָהרען,

זיי קריכען אונענדליך: ער איז שוין אצינד
גאָר גראָה און פערעלטערט געוואָרען...

און בלייך געהט פאַריבער דער קרייענקליכער טאָג,
עס דונקלען די בלייענע הימלען.
אַ כמאַרע, אַ סומנע פערציהט דעם אָסטראָג,
און אלעס פערזינקט דאָרט אין דרעמלען.

ערהויבען און גרויזאַם אין שנייענדען פעלד
פערדרעמעלט דער פינסטערער טורם,
ער דרעמעלט זיך שטאָלץ דער פערצויבערטער חעלד,
און לאַכט פון דעם ווינד און דעם שטורם.

דער שטורם — ער יאָגט זיך, דער שטורם — ער טראָגט
אַ העליש אַ גרוים זאַוואַרוכע
עס סווישטשעט, און קרעכצעט, און יאָמערט, און קלאָגט,
און פיהרט אַזש אַריבער אַ סקרוכע.

עס שוידערט. עס פילדערט דער אַלט-בייזער וואלד,
ער צאָרענט, מען לאָזט איהם ניט שלאָפען,
עס האָט זיך צוהוליעט מיט ווילדען געוואלד
דער גרויזאַמער גיהנום פון צפון.

די לבנה אַ רגע געהט און פערגעהט,
ווי ווער וואָלט אויף איהר אָנגעשריען:
די ערד און די הימלען, זיי שפרינגען פון הויט,
די וואָלקענס ערשראָקענע פליהען.

יע, פליהען שנעל-האַסטיג און קוועטשען זיך אויף
אין זעלטענע פאָרמען און בילדער,
אזוי ווי עס וואָלט אויף זיך קלייבען א נוף
אַ שרעקליכער רוח אַ ווילדער.

דער שטורם — ער רייסט זיך, דער שטורם — ער קלאָגט
און קייקעלט זיך בייז אויף די דעכער.
אין שרעקליכען בענקען, פעראומערט, פערצאָגט
הערט צו איהם דער יונגער פערברעכער.

ער הערט און עס ווארפט איהם אין שוידער, עס גרוילט,
און עפּעס אזוי ווי מיט ווערטער,
איהם דוכט זיך, דאַ ווערט איהם אַ מעשה דערצעהלט
דורך ציין-קריצעריי און געלעכטער.

אַ טרויעריגע מעשה פון זודיגע בלוט
און גרויסע און ברייטע פערלאַנגען,
פון שרעקליכע קרעפטען און העלדישע מוטה,
וואָס זיינען אויף׳ן טייוועל געגאַנגען,

וואָס זיינען געגאַנגען אויף פּיטקע און פּלאָג
און אלערליי מיני יסורים
אין וויסטען סיביר אין פערפלוכטען אַסטראָג,
אין יעדערען קאַטאָרזשנעס טורם...

איהם הערט זיך אַ סוויטש פון אלמעכטיגען קנוט
פון עכטע תלינים-קיסרים,
איהם זעהט זיך אַ שטראָם פון אונשולדיגע בלוט,
און יונגינקע, פרישענקע קברים...

די יונגע קברים — דאָס זיינען אלץ פריינד,
אלץ נאָהענט, פערשטענדליך און טייער,
וואָס האָבען ווי ליכטיגע שטערען געשיינט,
געטראָגען דעם הייליגען פייער:

דורך נאַכט און דורך פראָסט איהם סמיעלע אין סטעפּ
צום זינדיגען מענשען געטראָגען,
געווארעמט די הערצער, געלויכטען די קעפּ,
דעם אייז און דעם חושך צושלאָגען.

גערופען אין נאָמען פון הויכען אידעאַל
די שלאָפענדע וועלט צו ערוואכען,
גערופען צום הייליגען שטרייט איבעראל
פאר׳ן ליידענדען ברודער דעם שוואכען...

די יונגינקע קברים — די הארץ, אַ. ווי ס'רייסט! —
דאָס זיינען אַלי פריינד און חברים
אין ליכטיגען זינען און מעכטיגען גייסט,
אלץ איינע און איינע גבורים.

צושאָסען, צוהאַנגען, צופוילט אין אַסטראָג,
צוקאָשעט, צומורסט און צוריבען
אַ שרעקליך, ווי לאנג איז דער מאַרטיראָלאָג!
קיין שריט ופליט געבליבען.

צושאָסען, צוהאַנגען, צופוילט אין אַסטראָג,
און גלייך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געטראָפען...
ניטאָ נאָך קיין ווארעם, ניטאָ נאָך קיין טאָג...
און אלץ איז פערזונקען אין שלאָפען....

דער שטורעם — ער רייסט זיך, דער שטורעם — ער קלאָגט
און קייקעלט זיך בייז אויף די דעכער.
און שרעקליכען בענקען, פערזאומערט, פערצאָגט
הערט צו איהם דער יונגער פערברעכער.

א. ל-ן.

## דעם אידישען אינטעליגענט.

ווען די הארץ הייבט אָן צו קלעמען
און עס הענגען אויף די ברעמען
זודיג-הייסע טראָפּענס טרעהרען...
ווען דיין פאָלק'ס אומזיסטע בלוט
נעהמט אוועק דיין גאנצען מוטה,
מאַכט דעם לעבען דיר ניט גערן, —

לויף דאָן פון דער גוסס'ער קלאַסע
צו דער לעבענס-פולער מאַסע,
לאָז דיין אַלטען אויבענאָן!
גע אַהין, וואוהין עס געהען

פראָלעטאַרישע אָרמעען,
וואו עס וועהט די רויטע פאָהן!

דאָרטען זוך — וועסט אויך געפינען
מחנות אידען צווישען איהנען
און מיט זיי געה האַנד אין האַנד,
האָפנונג וועלען זיי דיר געבען
גאָר אויף נייע גליק און לעבען
אין אַ שעהנעם וואונדער־לאַנד...

**א איד.**

## די פאָהן.

ניט פון גאָלד־שטאָף, ניט פון זיידענס
איז די פאָהן געמאַכט:
אין א שרעקליכען געוויטער,
אין אַ שטורם־נאַכט

האָט געררוישט דאָס אַלטע שפּינראַד
און די בלייכע נויט,
אין א פייכטען קעלער־ווינקעל,
ביי א חלב־קנויט,

האָט געוועבט די גרויע פאָדים
ריין און שטייף און גוט,
און געפאַרבט זיי מיט די לעצטע
טראָפען אייגען בלוט.

אַלע וועהטאָגען און ליידען,
יעדע פרישע וואונד
פון די טיעפע תפיסה־גריבער,
פון׳ם שוואַרצען גרונד,

פון די הונגעריגע דערפער,
פון די דושנע שטעדט,

וואו עס איז פערבלענדט דאָס לעבען
ווי פון הינערפּלעט:

אַלע וועהטאָגען און ליידען,
אַלץ וואָס יאָהרען-לאַנג
האָט פערגיפטעט איהר נשמה,
ווי די בייזע שלאַנג,

אלץ, מיט וואָס געדריקט איהר לעבען
האָט די טיראַניי
אין געמיטה איהר גאַל געגאָסען
און אין הארצען בליי —

האָט די פאָלקסנויט אין די רויטע
פאָדעם איינגעוועבט...
זעהסט? די פאָהן—זי וועהט, זי פלאַטערט
און צום הימעל שטרעבט,

און די שאָטענס ווערען בלייכער,
און עס קרעהט דער האָהן —
און עס שיינט דער מאָרגענשטערען
אויף דער רויטער פאָהן!...

ש. פרוג.



